סעמועל בורשטין

# אלטע מענשען ווערען יונג

טעאַטער-שפּיעל

אין צוויי אַקטען און זעקס סצענען

ניו יאָרק, 1929.

סעמועל בורשטין

# אלטע מענשען ווערען יונג

טעאַטער-שפּיעל

אין צוויי אַקטען און זעקס סצענען

ניו יאָרק, 1929.

# פ ע ר ז אָ נ ע ן

א י ג נ א ץ ז י ל ב ע ר פ ל אַ ק ע ן } מיטעל־יעהריג
פ ר אָ פ ע ס אָ ר ב ע נ ע ד י ק ט

ג ר אַ ף פ אַ ר ד אָ ן
ג ע נ ע ר אַ ל נ י ק י ט י ן } יונגער שטודענט
אַ ד וו אָ ק אַ ט ג ר ײ וו ע נ פּ אָ ר ט

אַ מ אַ ל י אַ צ וו י ב ע ר ג ל ע ק ע ל } קאַבאַרעט קינסטלערין
ק אַ ר מ ע נ ס י ט אַ ב אָ ס פּ אָ ר י נ אָ

דער הינקענדיגער זינגער

דער לײטער פון קאַבאַרעט

י ה ו ד ה ב י י נ י ש
ג י מ פּ ע ל מ ש ה } אַלטע לײט אין מושב זקנים
צ י פּ ע ל א ה
ד וו אָ ש ע

ב ע נ ד ז ש אַ מ י ן אַ וו י ג ע נ צ אַ פּ ע ל

ז ש אָ ן מ ע ק אַ ר ט י

פ ל אָ ר ע נ ס אַ י י ר אָ נ ב ר ו ק

אַ ד וו אָ ק אַ ט אַ י י ז ע נ ש ט י י ן

די רעפּאָרטערס

דער ניגער
גבאי פון שוהל קרן קימת }

ריכטער, פּאָליציי, דעטעקטיוון, געסט,
שטודענטען, אַרטיסטען, טענצער, זינגער.

(צייט — געגענוואַרט)

# ערשטער אַקט

(אַ קליין שטעדטעל אין איראָפּא. אין אַ קאַבאַרעט וואָס טראָגט דעם נאָמען „דער פויגעלדיגער פונקט". דער נאָמען זעהט זיך אויך מיט עפעקט גרויסע בוכשטאבען אין מיטעל פונקט. — פאָלגליך אַ גערינגעלטער טאַנץ־פּלאַץ. — ביי די זייטען — טישען מיט פיינע פליושענע זיץ פלעצער. אין איניגע סעפּערירטע פּלעצער מיט געעפענטע פוירהאנגען וועלכע קענען נאָך וואונש פארמאכט ווערן.

איניגע מוזיקער זיצען אין אַ ווינקעל און שפּיעלען זשעז מוזיק פון צייט צו צייט. — ס'איז יום־טוב'דיג געשטימט. וואקאציאָנס צייט־אויגוסט.

אַ גרופּע שטודענטען וואָס זענען אַהיים געקומען פון די גרויסע שטעדט האָבען זיך דאָ פאַרזאמעלט מיט זייערע בעקאנטע דאַמען. —

די שטודענטען טראָגען אוניפאָרמירטע היטלען.

אַנדערע טישען פאַרנומען פון איינצעלנע — און אויך הערען מיט דאַמען.

איידער דער פוירהאַנג דערהויבט זיך הערט זיך שוין די פרייליגע שטימונג פון געזאַנג און גערויש.)

(פוירהאַנג אויף)

## די שטודענטען

אָ — די וויסענשאַפט — די וויסענשאַפט — די וויסענשאַפט —
יאָ — אַ גרויסע קראַפט — אַ גרויסע קראַפט — אַ גרויסע קראַפט —
אייביג — אין יעדע צייט — אין יעדע צייט — אין יעדע צייט —
צי דאָ—צי דאָרטען—פון נאָהנט און ווייט—פון נאָהנט און ווייט—
עס האָט דאָך דער מענש די גרויסע מאַכט — די גרויסע מאַכט —
פריינד ! מיר הוליען היינט — אַ גאַנצע נאַכט — אַ גאַנצע נאַכט —
געדענקט זשע — פאַרגעסט נישט — ווער איהר זייט — און וואָס
איהר זייט —
פאַר די וויסענשאַפט — זענען מיר גרייט — זענען מיר גרייט —

(שטעלען זיך אויף און קלינגען מיט די גלעזער)

זאָל דאָס לעבען זיין — ווי עס באַדאַרפט — און וואָס עס קען —
פון געניוס צו געזונד — און פון די ליעבע דער ברען —
הורא — הורא — מיר טרינקען דעם פייערליכען וויין
און זאָלען מיר אַלע — גליקליך זיין — יאָ גליקליך זיין —

הורא — הורא — הורא —
וויוואַט — וויוואַט — וויוואַט —

(טרינקען ליידענשאַפטליך. די מוזיק בעגינט אַ לעבעדיגען
(פאָקס טראָט און אַלע כאַפּען זיך צום טאַנץ. צווישען דעם
(טאַנץ קומט אריין איגנאַץ זילבערפלאַקען מיט אַ פערהזאָרג-
(טעם געזיכט, קענטיג געקומען נאָך צושטרייאונג. ער נעמט
(פּלאַץ אין אַ סעפּאַרע וואָס באַמערקט זיך גוט. דער פאָקס
(טראָט ענדיגט. אַלע פערנעמען די פּלעצער. דער קאַבאַרעט
(לייטער ערשיינט.

דער קאַבאַרעט לייטער

פערעהרטע געזעלשאפט! איך וועל אייך פאָרשטעלען די ערשטע אטראַקציע פון היינטיגען אָוועגד — פאָלגליך די בעריהמטע זינגערין און טענצערין פריילין אמאַליא צויבערגלעקעל. — זי וועט פאַר אייך טאַנצען דעם עגיפּטישען ווירבעל־טאַנץ.

(אַלע אַפּלאָדירען. די מוזיק שטימט פייערליכען איינטריט.
(פריילין צויבערגלעקעל ערשיינט און טאַנצט אוים דעם טאַנץ.
(— בראוואָ קלאַטשען און בעגייסטערטע אויסרופען הערען
(זיך פון איבעראל. בעזונדערס קלאַטשט זעהר שטארק איגנאַץ
(זילבערפלאָקען. — נאכהער ווען די רוהיגקייט טרעט איין
(דערנעהנטערט זיך אמאליא צויבערגלעקעל צו זילבערפלאָקען.

אמאליא צויבערגלעקעל

גוט אָוונט, פריינד זילבערפלאָקען.

זילבערפלאָקען (זיך אויפשטעלענדיג)

האָב איך די עהרע און דאָס פערגעניגען אייך צו בעגריסען.

אמאליא צויבערגלעקעל

ווי געהט עס, פריינד זילבערפלאָקען?

(זי נעמט פלאַץ. זילבערפלאָקען אין גלייכע בעוועגונג זעצט
(זיך אויך.

זילבערפלאָקען

ווי עס געהט? — אָה יאָ — עס האָט געקענט זעהר — זעהר וואונדערבאַר גוט געהן — זאָל איך אזוי לעבען — איך וואָלט היינט געווען א מיליאָנער — און אפשר גאָר א ביליאָנער — זאָל איך אזוי לעבען — זאָל איך אזוי לעבען — א ביליאָנער — אָבער (מיט א זיפץ) נו־נו־

נו — איז דאָך אָבער אַלץ דער אָבער (רופט) קעלנער — קעלנער — ווייטער — וואו איז ער ערגיץ? (דער קעלנער קומט צו) א פלאש שאמפאניער — דעם גוטען — דעם בעסטען.

אמאליא צויבערגלעקעל

איך וואָלט צום ערשט טרינקען עטוואָס בענעדיקטין.

זילבערפלאָקען (שרייט נאָך)

ברענגט אויך א פלאש בענעדיקטין — דעם גוטען פראנצויזישען בענעדיקטין.

אמאליא צויבערגלעקעל

(פאַנגט אָן צו זינגען דאָס ליעד פאַר זיך און אויך פאַר אַלעמען.

די אויגען פינקלען פייערדיג
די ברוסט בעוועגט זיך מחיה'דיג
און עס פיהלט זיך זעהר יום טוב'דיג
נאָך מעהר, נאָך מעהר, ווי פורים'דיג.

ער דריקט זי, קושט זי צוקערדיג —
זי דריקט איהם, קושט איהם האָניגדיג
און די וועלט איז דאָך גן־עדן'דיג
און זייט שוין מיר ווי פורים'דיג.

נאָך מעהר — נאָך מעהר — ווי פורים'דיג
נאָך מעהר — נאָך מעהר — ווי פורים'דיג

(די שטודענטען און די גאנצע געזעלשאַפט כאַפּען אונטער
(ס'ליעד און זינגען אַלע צוזאַמען מיט דעם אָרקעסטער אין
(לעבעדיגען טעמפּאָ. אמאליא און זילבערפלאָקען זינגען מיט.

## אַלע (מיט אָרקעסטער)

די אויגען פינקלען פייערדיג
די ברוסט בעוועגט זיך מחיה'דיג
און עס פיהלט זיך זעהר יום טוב'דיג
נאָך מעהר — נאָך מעהר — ווי פורים'דיג

ער דריקט זי, קושט זי צוקערדיג
זי דריקט איהם, קושט איהם האָניגדיג
און די וועלט איז דאָך גן עדן'דיג
און זייט שוין מיר ווי פורים'דיג

נאָך מעהר — נאָך מעהר — ווי פורים'דיג
נאָך מעהר — נאָך מעהר — ווי פורים'דיג

(דער קעלנער ברענגט דעם שאַמפּאַניער און דעם בענעדיקטין,
(און אמאליא מיט זילבערפלאָקען כאַפּען זיך צום טרינקען
(מיט פערלויערענעם געדולד — דורך די צייט כאפּט זיך איין
(שטודענט ארויס פון זיין געזעלשאַפט אין אַ שיכור'ן צושטאנד
(און פאַנגט אָן צו טאַנצען און פאַלט — אייניגע שטודענטען
(נעמען איהם צוריק צום טיש.

## זילבערפלאָקען

מיט אַ יאָהר צוריק אין דער צייט בין איך נאָך געווען אין נויאָרק — געוואוינט אויף ריווערסייד דרייוו — אין שעהנסטען געגענד פון שטאָדט — געמאַכט שטיקער גאָלד, געהאַט צוויי אויטאָמאָבילען — אַ זומער קאטעדזש אין אסבורי פארק — אַך באשערט אָן אומ־גליק — (טרינקט פיעל) וואָס האָט מיר געפעהלט? וואָס האָט מיר געפעהלט?

## אמאַליא

נישט געזאָרגט, פריינד זילבערפלאָקען — עס וועלען נאָך קומען די גוטע צייטען — צום ערשט פאר אַלעמען דאַרף מען לעבעדיג זיין —

נישט פארלירען דעם מוט — הוליען — איין מאָהל לעבט מען נור
אויף דער וועלט — צום וואויל זיין, פריינד זילבערפלאַקען —
זילבערפלאַקען (קלאפּענדיג גלאָז צו גלאָז)
צום וואויל זיין — צום וואויל זיין —

(טרינקען פיעל)

גראף פאַרדאָן (שטעלט זיך אויף)

שטודענטען, מיר לעבען אין א גרויסע צייט.

שטודענטען (קלאטשען בראוואָ)

האָך אונזער פּרעזידענט דער גראף פארדאָן —
האָך — צוועלף מאָהל האָך.

גראף פארדאָן

שטודענטען, מיר לעבען אין א גרויסע צייט — א צייט פון וויסענ-שאפט — פון ערפינדונגען — פון פּראָגרעס — וואו יעדען טאָג דערגרייכען מיר גרויסע רעזאָלוציאָנען — פארדאָן — וויל איך זאָגען רעזולטאטען.

לייטער פון קאַבאַרעט

פערעהרטע געזעלשאפט! איך וועל אייך יעצט פאָרשטעלען דעם הינקענדיגען זינגער וועלכער וועט אייך זינגען דאָס ליעד „די טראַ-געדיע פון א הינקענדיגען זינגער".

(אַלע קלאַטשען בראוואָ — דער זינגער ערשיינט הינקענדיג —
(פון קאָמישען אויסזעהן מיט אַ לאַנגע דיקע רויטע נאָז.

הינקענדיגער זינגער

(זינגט באס-טענאָר-באַריטאָן און אויך ווייבליך)

איך וועל אייך זינגען דאָס ליעד...

שטודענטען

אָ — האָ — האָ־האָ — האָ־האָ — האָ־האָ־האָ —

דער זינגער

ס׳געזאַנג פון אַ הינקענדיגען זינגער.

שטודענטען

ראַ־ראַ — טי — טאַראַ — טאַראַ

זינגער

נישט פרעגט צי כ׳בין קריסט אָדער איד.

שטודענטען

אָהאָ — האָהאָ — האָהאָ — האָ־האָ־האָ —

זינגער

און צי בין איך זאַט אָדער כ׳הונגער.

שטודענטען

ראַ־ראַ — טי — טאַראַ — טאַראַ —

זינגער

אמאָהל האָב איך אויך געליעבט...

שטודענטען

אָהאָ — האָהאָ — האָהאָ — האָ־האָ־האָ —

זינגער

אַ מיידעל — שעהן ווי אַ — אַ — בריליאַנט —

שטודענטען

ראַ־ראַ — טי — טאַראַ — טאַראַ —

זינגער

און יעצט אויף אייביג בעטריעבט...

שטודענטען

אָהאָ — האָהאָ — האָהאָ — האָ־האָ־האָ —

זינגער

זי האָט מיר ענטזאָגט איהר האַנט.

שטודענטען

ראַ־ראַ — טי — טאַראַ — טאַראַ —

זינגער

דאָס מיינט אַז כ׳בלייב שוין אַליין.

שטודענטען

אָהאָ — האָהאָ — האָהאָ — האָ־האָ־האָ —

זינגער

אויף מיין שטים אַ פאַרבלאָנדזשעט טייבעל...

שטודענטען

ראַ־ראַ — טי — טאַראַ — טאַראַ —

זינגער

טיעף דער שמערץ — טיעף דער געוויין.

שטודענטען

אָהאָ — האָהאָ — האָהאָ — האָ־האָ־האָ —

זינגער (דונערענד)

גיב מיר גאָט אַ ליעבסטע אַלס ווייבעל.

שטודענטען (מעכטיגער)

ראַ־ראַ — טי — טאַראַ — טאַראַ —

(אַלגעמיינע בראַוואָ קלאַטשען — דער זינגער פאַרנייגט זיך
(איינינגע מאָהל און געהט פאָרט. עס ערשיינען אַ גרופּע יונגע
(טענצערינען און זינגערינס מיט אַ יונגען מענליכען טענצער
(אין צענטער און טאַנצען אַ פריילינכען טאַנץ און זינגען
(צוגלייך.

## די גרופּע

אַ יוגענד — יוגענד —
ליעבע און פרייד
נישט דאָ קיין זאָרגען
אין אונזער צייט. —
די צייט פון לעבען
און פון גענוס
די גוטע שטימונג
און קיין פערדרוס
דאָס גוטע גענזעל
מיט גוטען וויין
וואָס קען נאָך בעסער,
נאָך בעסער זיין ?

דאָס שעהנע מיידעל —
יאָ וואַרט אויף אייך
און דו — יונגערמאַן
דערקען זי גלייך —
אויף איהר שעהן קעפּעל
אַ בלומען קראַנץ
און נעמט אייך ארום —
צום טאַנץ — צום טאַנץ —
דער טאַנץ פון ליעבע
מוזיק און קלאַנג
דאָס ליעד פון לידער
וויין — ווייב — געזאַנג —

(אַלגעמיינע קלאַטשעריי. די טענצער פארנויגען זיך און געהען
(פּאָרט. דער אָרקעסטער פאנגט אָן צו שפּיעלען „וואַלענציא"
(און אַלע כאַפּען זיך מיט בעגייסטערונג צום טאַנץ. אויך
(זילבערפלאָקען קריכט שוין אַ ביסעל שיכור'ליך ארויס מיט
(אמאליא און נעמען זיך טאַנצען. — אמאליא זינגט מיט אַ
(ליעד צו די מוזיק אין הויכען טאָן סאָלאָ.

## אַמאַליא

ווי שעהן די וועלט איז?
ווייסט דאָך זיכער — יעדער מענש — נישט פון היינט אָן...
און וואָס געניוס איז?
ווייסט דאָך אויך אַ נאַר — וואָס האָט קיין היים און פּאָהן...
קומט אַ געדאַנק איין —
אידעע פון לעבען איז דאָך פּאַראַדיזיש —
און דער מענש — געוויס —
מוז אויך לעבען — גייסטיג שעהן — און אויך פיזיש...

(אַלע צוזאַמען מיט שטאַרקען טעמפּאָ אין בעגייסטערונג)

## אַלע

ווי שעהן די וועלט איז?
ווייסט דאָך זיכער — יעדער מענש — נישט פון היינט אָן...
און וואָס געניוס איז?
ווייסט דאָך אויך אַ נאַר וואָס האָט קיין היים און פּאָהן...
קומט אַ געדאַנק איין —
אידעע פון לעבען איז דאָך פּאַראַדיזיש —
און דער מענש — געוויס —
מוז אויך לעבען — גייסטיג שעהן און אויך פיזיש...

(דער טאַנץ ענדיגט. אַלע פאַרנעמען צוריק די פּלעצער, און
(זילבערפלאַקען, שוין עטוואָס מעהר שיכור'ליך, פאַנגט אָן צו
(רעדען צו אמאליא.

## זילבערפלאַקען

אָ יאָ־יאָ. — איך וואָלט שוין יעצט געווען אַ מיליאָנער. — און פיליכט גאָר אַ ביליאָנער. איך האָב געפּרובט גרויסע געשעפטען.— כ'האָב צוגעשטעלט ליקערען, ווייַנען און שאַרפע געטרענקען אין הונדערטער פּלעצער. געהאַט אייגענע ברייזליך. אַליין פאַבריצירט. געוואוינט אין ניו יאָרק אין רייכסטען געגענד אויף ריווערסייד

דרייוו. — נון גיבט עס דאָך אָבער אין אַמעריקא פּראָהיבישאָן — פּראָהיבישאָן. איז מען מיך בעפאַלען אין אַ שעהנעם העלען טאָג — און פון אַלץ איז געוואָרען גאָר נישט — גאָר נישט. — איך בין קוים אנטלאָפען מיט'ן לעבען צוריק אין מיין אַלטע היים.

אַמאַליא

שרעקליך — שרעקליך —

זילבערפלאָקען

דאַן האָבען זיי זיך אויך דערוואוסט אַז איך פּלעג שמוגלען ברי־ליאַנטען און אַנדערע אַרטיקלען וואָס זענען נישט ערלויבט — נו, פרעג שוין גאָר נישט, טייערע אַמאַליא, ווען זיי כאַפּען מיך אין נויאָרק —

אַמאַליא

ווי ניי געבוירען — ווי ניי געבוירען, פריינד זילבערפלאָקען. דו האָסט דיך בעפרייט, נו טרינקען מיר פאַר דיין באפרייאונג.

(זיי טרינקען און קלינגען מיט די גלעזער)

זילבערפלאָקען

אָבער ווי מאַכט מען יעצט די געלד — די דאָלאַרס, די שווערע דאָלאַרס? מיט וועלכע מען קען די וועלט בעזיעגען.

גראַף פאַרדאָן (זיך אויפשטעלענדיג)

פערעהרטע פריינד שטודענטען און אַלע וואָס איהר זייט דאָ פער־זאַמעלט. עס איז קיין צווייפעל אַז אונזער פּראָגרעס געהט מיט שנעלע טריט — און ווער אַרבייט נאָך אַזוי טריי ביי דעם פּראָגרעס ווי מיר שטודענטען? און וואָס פאַר אַ פּראָגרעס וואָלט דאָס געווען אָן שטודיום? עס וואָלט געווען ווי בע־מ־מ — ווי בע־פ־ידעלט — פאַרדאָן ווייל איך זאָגען בעזידעלט... עס וואָלט געווען אַ שאַנדע פאַר די מענשהייט און פאַר די וועלט ווען עס וואָלט קיין גייסטיג־קייט ניט געווען, קיין תורה. דאַמאָלסט וואָלט אויך קיין ח־חכמה

איך נישט געווען — עס וואָלט געווען חושך — ווי — פאַר — די — מ-מ־עשה — ווי פאַר די מעשה, פאַרדאָן — וויל איך זאָגען ווי פאַר די מעשה בראשית, — עס איז געווים שוין אַלעמען באקאנט אז די וויסענשאַפט האָט שוין זאָגאר געפונען א מיטעל פון אַלט צו מאַכען יונג. — הערט א מעשה — געפונען א מיטעל ווי אזוי פון אַלט צו מאַכען יונג — און מיט גאַר א וויסענשאַפטליכע מעטהאָדע — עס ווערט אויסגעשניטען די דריז פון א יונגען אַף אָדער אַפע און עס ווערט פארפלאנצט אין דעם אַלטען מענשען — און דער מענש ווערט ווי ניי געבוירען א יונגער מענש — א יונגער מענש — וואונדער — איבער וואונדער.

## שטודענטען

וואונדער איבער וואונדער.

(זילבערפלאָקען ווערכער זיצט שוין יעצט אַליין ווערכער האָט (זיך אויך זעהר טיעף און שיכור'ליך צוגעהערט צו די רעדע, (איז זעהר נערוועאיש גערעגט און רעדט צו זיך זעלבסט.

## זילבערפלאָקען

אָווא — אָווא — פון אַלטע מענשען מאַכען יונג
פון — אַלטע — מענשען — מאַכען — יונג —
(זעהר שלעפעריג) פון אַל—טע מענ—שען מאַ—כען יונג — — —
(שלאָפט איין)

(פורהאנג פאַלט)

(פערוואנדלונג — אין געזעלשאַפט זאל פון מושב זקנים. עס זיצען ארום אייניגע אַלטע מענער מיט מורא'דיגע לאַנגע בערד, און אויך אַלטע פרויען פון וועלכע מאַנכע שטריקען עטוואָס אָדער העפטען וואָס אויס. פון די מענער לעזט איינער אַ צייטונג, אַן אַנדערער די ביבעל.

יהודה בייניש (לעזענדיג די צייטונג)

האָסט דו געהערט גימפעל משה? — מען האָט ערפונדען אַ מיטעל צו קענען מאַכען רעגענען צו יעדע צייט — און צו קענען אָפּשטעלען דעם רעגען ווען עס וועט זיין גענוג.

גימפעל משה (האַלטענדיג די ביבעל אין האַנד)

משיח'ס צייטען — משיח'ס צייטען —

יהודה בייניש

פאַר ארץ ישראל וועט עס זיין ווי געוואונשען — משמעות דאָרט רעגענט אַזוי ווייניג.

ציפּע לאה (געניצט)

ארץ ישראל — ארץ ישראל — ווי וואָלט איך, ריבונו של עולם, שוין זיין דאָרטען.

יהודה בייניש

ארץ ישראל — דאָס לאַנד פון זבת חלב ודבש.

דוואָשע

וואָס? ווער רופט דאָס מיך?

ציפּע לאה

ניין, מען רופט אייך נישט — מען מיינט ארץ ישראל — דאָס לאַנד פון זבת חלב ודבש.

דוואָשע

האָסט דו געהערט — ס'איז דאָך מיין נאָמען.

יהודה ביינּיש

טאקע אייער נאָמען — אָבער ס׳מיינט עפּעס אנדערש.

דוואָשע

פאַרדרייט זיך אייער קאָפּ, ר״ב בּיינּיש.

יהודה ביינּיש (לעזוענדיג)

אין מצרים האָט מען אויסגעגראָבען צוועלף טויזענד פּוד מצות וואָס אונזערע אחינו בני ישראל זאָלען האָבען פארגעסען אין די צייט ווען זיי זענען אנטלאָפען פון פּרעה׳ן.

גימפּעל משה

ווי איז דאָס מעגליך? די אידען האָבען נאָך דאמאָלסט קיין מצה נישט געגעסען.

יהודה ביינּיש

פון וואנען ווייסט איהר?

גימפּעל משה

פון וואנען איך ווייס — אין די תורה געפינ איך נישט אָן אָרט וואו עס איז געשריבען אז די אידען האָבען געגעסען מצות בעפאָר יציאת מצרים.

יהודה ביינּיש

נו, זייט שוין נישט קיין נאַר, ר״ב גימפּעל — די אידען האָבען שוין געגעסען מצות איידער פּרעה אין מצרים האָט עקזיסטירט.

גימפּעל משה

פון וואנען ווייסט איהר דאָס ווידער?

יהודה ביינּיש

דער מצה בעקער אַליין, בכבודו ובעצמו, האָט עס מיר דערציילט.

גימפּעל משה

פון וואנען ווייסט ער דאָס ווידער דער גראָבער יונג?

יהודה בייניש

אז דער מצה בעקער, בכבודו ובעצמו, זאָל עס נישט וויסען — ווער זשע דען זאָל עס וויסען ?

גימפּעל משה

איז דאָך שוין דוואָשע גערעכט — פֿאַרדרייט זיך אייער קאָפּ ר"ב בייניש. (פּערטיעפּט זיך ווידער אין די ביבעל)

יהודה בייניש (פּלוצלינג בערוישט)

אָווא — אָווא — (לעזט) עס איז געקומען פון אייראָפּא דער גרויסער פּראָפעסאָר בענעדיקט, וועלכער מאַכט אַלטע מענשען יונג — דער זעלבער פּראָפעסאָר וואָס האָט געמאַכט א פינף און נײנציג יעהריגען מענשען פאַר א פינף און דרייסיג יעהריגען — א פינף און זיבעציג יעהריגען פאַר א חתן בחור פון אכצען יאָר — אָווא — אָווא !

גימפּעל משה

משיח'ס צייטען — משיח'ס צייטען.

ציפּע לאה

איי — איי — איי — ווען ער וואָלט מיך נאָר יונגער געמאַכט מיט וויינינגסטענס א דרייסיג יאָהר, איך וואָלט איהם אוועקגעגעבען מיין גאַנץ פאַרמעגען.

גימפּעל משה

איך מוז דערפון געפינען א רמז אין די היילגע תורה. (בלעטערט די ביבעל)

דוואָשע

ווען ער קען פון מיר צוריק מאַכען די יונגע פלעפערקע — איך וואָלט געוואָרען א מואווינג פּיקטשור אַקטריסע.

(עס קומט אריין דער אויפזעהער פון מושב זקנים (דער פריהערדיגער לייטער פון קאַבאַרעט.)

## דער אויפזועהער

עס איז געקומען צו אייך דער פעריונגונגס אגענט פון פּראָפעסאָר בענעדיקט, וועלכער וויל אייך אויפקלערען ווי אזוי איהר קענט צוריק ווערען יונגע מענשען. (רופט) קומט אריין — קומט אריין, פערעהרטער הער.

(עס קומט אריין גראף פּארדאָן)

## גראף פּארדאָן

א גוט יאָהר אייך ליעבע לייט — איך בין געקומען מיט א ברכה צו אייך — און וואויל וועט אייך זיין אז איהר וועט באנעמען מיינע רייד און בענוצען זיך מיט די הילף פון די וויסענשאפט. — — דער גרויסער פּראָפעסאָר בענעדיקט האָט מיך געשיקט צו אייך — דערציילען אייך אז ער קען אייך צוריק מאכען פאר יונגע מענשען — איהר הערט? ער קען אייך צוריק מאכען פאר יונגע מענשען — און זייט פול מיט פרייד און שטאָלץ אויף דעם זיעג פון די וויסענשאפט — דאָס איז נאָך מעהר ווי תחית המתים — דאָ זעהט איהר ממש מיט אייערע אייגענע אויגען אליין ווי איהר ווערט צוריק יונג — און בעקומט א נייע קראַפט — נייע ליעבע — נייע ענערגיע — נייע בענקשאפט — איהר ווערט פונקט ווי ניי געבוירען. — איך האָב מיט מיר יעצט מיטגעבראכט איניגע פריינד וועלכע זענען פריהער געוועזען אלטע לייט אין פערשיעדענע מושב זקנים'ס, און זעהט אליין די וואונדער. (רופט) קומט אריין — און זאָלען זיך די אלטע לייט אליין איבערצייגען.

(ס'קומען אריין אַ גרופּע יונגע לייט, מענער און פרויען פון פריהערדיגען כאָר און שטודענטען אונטער דער פיהרערשאפט פון אמאַליא צויבערגלעקעל.)

## אמאַליא צויבערגלעקעל (זינגט אליין)

אָ הערט איהר אלטע מענשען — איהר אלטע לייט —
די וועלט איז פול מיט גרויסע וואונדער,
דאָס זאָל מען זיך דערוויסען פון נאָהנט און ווייט
ווי אלטע מענשען ווערען קינדער.

און גלייך פאנגט מען אויף צו לעבען גאר אויפס'ניי
מיט פערגעניגענס פריי פון זארגען,
ווי די ליעבע ווערט געשפיעלט אזוי געטריי
אז מען געדענקט זי אויך אויף מארגען.

כאָר (זינגענדיג און טאנצענדיג)

און האָט שוין דאָך אַ ביסעל מוט
און שאפט זיך איין די פרייד.
אַ יונג זיין איז דאָך טאקע גוט
ווער איז צו דעם נישט גרייט...

אַמאַליא

כ'בין געוועזן אַן אַלטע פרוי פון אכציג יאָהר
און טאקע דאָ אין ניו יאָרק סיטי,
און בעליעבט אין מושב זקנים ביז גאר —
די צייט געוועזן אין פריעדענס טריטי —
מיין אַלטער זיווג איז מיר שוין לאנג אַ סוד
דאָקטאָר בענעדיקט ווי משיח —
מאכט מיך יונגע פריילין פון אַן אַלטע מויד
אזש ס'זאָל אין איהם אריין אַ רוח.

כאָר

און האָט שוין דאָך אַ ביסעל מוט
און שאפט זיך איין די פרייד
אַ יונג זיין איז דאָך טאקע גוט
ווער איז צו דעם נישט גרייט...

אַמאַליא

און די אַלע מיינע יונגע שעהנע פריינד
פון שיקאגאָ — ניו יאָרק — פון דאָ און דאָרטען —
ווען איהר זעהט דאָ פאר אייך אזוי נאָהנט היינט
קומען פון מושב זקנים'ס גאָרטען.

געוועזען מיט יאָהרען גענוג אזוי אַלט
האָבען זיך מיט אַ געניץ געקוויקט,
געווען אין איין שרעק פאַר די האָזען פון וואַלד
און נור זיך מיט דעם טאַבאַק ענטציקט.

## כאָר

און האָט שוין דאָך אַ ביסעל מוט
און שאַפט זיך איין די פרייד
אַ יונג זיין איז דאָך טאַקע גוט
ווער איז צו דעם נישט גרייט...

## גראַף פאַרדאָן

אַלזאָ מיינע ליעבע מענשען, איך האָב אייך איבערצייגט — און זעהט מיט אייערע אייגענע אויגען די וואונדער פון די וויסענשאַפט — דאָס וואָס איהר האָט זיך אַפילו נישט פאָרגעשטעלט אין משיח'ס צייטען, זעהט איהר מיט אייערע אייגענע ברילען — פאַרדאָן וויל איך זאָגען בליקען — יאָ בליקען — איי־איי־איי ווי קומט שוין די צייט אַז איהר זאָלט שוין האַלטען אויף דעם דרך — נו־נו־נו, ווער איז דער ערשטער פון אייך זיך צו פערשרייבען אויף יונג צו ווערען ? איך מיין ווער איז דער ערשטער פאַציענט ?

## גימפעל משה

איך בין גרייט.

## יהודה ביינישׁ

איך אודאי —

## ציפע לאה

פערשרייבט מיך אויך — איך וויל אויך יונג ווערען — מיט וויפיל קען איך דאָס איננגער ווערען, איהר זאָלט מיר געזונד זיין ?

גראף פארדאַן

מיט גאנצע פופציג יאָהר קענט איהר אינגער ווערען, אויב נישט נאָך מעהר ?

ציפע לאה

איך וועל אייך גוט בעצאָהלען דערפאר — איך וועל נישט קארגען — איך האָב א רייכען איידעם.

דוואָשע

איך בין אויך נישט קיין שנאָרערטע. מיין טאָכטער פערמאָגט דריי הייזער, און מיינע צוויי זיהן האָבען גרויסע געשעפטען אויף בראָדוויי — און איך אליין פערמאָג נאָך אויך א פּאָר טויזענד.

גראף פארדאַן

וואונדערבאר באָבישי — איך זאָל אייך שוין אין קורצען רופען — פריילין — מיר וועלען אייך מאכען אזוי יונג ווי אַן אכציג יעהריג מיידעל — נו באָבישי זייט איהר צופריעדען ? איהר וועט נאָך ווע־רען א מואווינג פיקטשור אקטריסע און פערדיענען שווערע גאָלד.

דוואָשע

(קלאפט צו מיט'ן פוס מיט גלויבען און בעגייסטערונג)

איך וועל טאָקע ווערען א מואווינג פיקטשור אקטריסע — וואָס האָב איך צו פערלירען דערביי — ווען איך וועל זיין א יונגע פלעפערקע, קען איך אלעם אויספיהרען — אלבעטשע —

יהודה ביניש

מיט וויפיעל יאָהר קען איך דאָס אינגער ווערען ? איהר זאָלט מיר געזונד זיין —

גראף פארדאַן

איהר וועט ווערען אזוי יונג ווי א צוואנציג יעהריגער באָם — פארדאָן וויל איך זאָגען ווי א צוואניג יעהריגער באָי — דאָס הייסט גאָר א יונגער מאַן.

גימפּעל משה

זאָגט שוין מיר אויך מיסטער לעבען! מיט וויפיעל וועל איך דאָס איינגער ווערען?

גראַף פּאַרדאָן

איי-איי — אַלטע לייט — איהר זאָלט מיר נאָר געזונט און גליקליך זיין — איך קען אייך איבערגעבען נאָך אַ גרעסערען סוד — אַז מיר קענען אייך מאַכען אַזוי יונג ווי אַ קינד אפילו, אויב איהר זאָלט נאָר וועלען — מיר האָבען אין סאַראַטאָגאַ ספּרינגס אַ קינדער גאָרטען אַזוי גרויס ווי פינפטע עוועניו — און מיר האָבען ענטדעקט מילך ספּרינגס וועלכע שטראָמען מיט מילך טאָג און נאַכט.

גימפּעל משה

(קלאַפּט מיט'ן פוס אין קעלבערנע התפּעלות)

ווייזט מיר אַ רמז — אַ וואונק אין די הייליגע תורה וועגען דעם.

גראַף פּאַרדאָן

(נעמט ארויס אַ בילד מיט אַ ביבליש נביא'יש געזיכט)
(שנעע ווייסע גרויע באָרד מיט אַן עפּיקורעאישען וואונק)

זעהט — אַ וואונק —

גימפּעל משה

משיח'ס צייטען — משיח'ס צייטען —

גראַף פּאַרדאָן

(צו אַמאַליא ווינקענדיג שעלמיש)

זינג זיי נור דאָס ליעדעל פון יונגע ליעבע און יונגע פרייד.

אַמאַליא צויבערגלעקעל

(גיבט אויפ'ן וואונק אַ קאָנצענטריר דעם כאָר)

ווער עס ווייסט פון יונגע ליעבע<br>
ווייסט אויך פון יונגע פרייד,<br>
און עס איז אַ לוסט צו לעבען<br>
און יום טוב איז די צייט.

יעדען טאָג א נייע בענקשאפט
און יעדען טאָג א טרוים
אין דעם גאָרטען פון די ליעבע
בעגריסט אייך יעדער בוים.

(טאַנצען)

## גראף פאַרדאָן

(צו די אַלטע לייט)

נון — בעווייזט אויך וואָס איהר קענט, טאַנצט מיט אונז צוזאַמען.

(גראַף פאַרדאָן פאנגט אָן מיט צו טאַנצען. די אַלטע לייט
(שטעלען זיך אויף און טאַנצען מיט שטעהענדיג אויף אַן
(אָרט שעמעוודיג צוריקגעהאַלטען)

## אַמאַליא

און נישט קיין זאָרגען און טראַכטען
לעבעדיג אַלטע לייט
איהר האָט שוין צוריק די יוגענד
איהר האָט שוין אויך די פרייד...

## כאָר

און נישט קיין זאָרגען און טראַכטען
לעבעדיג אַלטע לייט
איהר האָט שוין צוריק די יוגענד
איהר האָט שוין אויך די פרייד...

(אַלע טאַנצען)

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם)

(פערוואנדלונג — אין קאבינעט פון פראפעסאר בענעדיקט אין דעם מיטעל
(פונקט פון די ביהנע איז אויפגעשטעלט א צימער פון גרויען לייווענד
(מיט אן אויפשריפט: „דאס בירורגישע קאבינעט”. ארום דעם צימער
(איז דער אויפנעם פלאץ ווי ער אונטערהאנדעלט מיט זיינע פאציענטען.
(ביי די זייטען זעהט מען צוויי שטייגען מיט אייזערנע גראטעס, וואו עס
(געפינען זיך צוויי אפען — ביי די טיר שטעהט א ניגער אין אוניפארם.
(פארהאנג אויף. — דער זייגער שלאגט צעהן.

## דער ניגער

(בליקט ארום צי אלץ איז אין ארדנונג, און זינגט זיך
(א ניגעריש לידעל.

אל רייט — אל רייט —
איך וואלט זי —
זי וואלט מיך —
זי וואלט מיך
איך וואלט זי.

(א קלינג ביים טיר. דער ניגער עפענט און ס'קומט ארויין
(אן עלטערער גרויער מאן, עלעגאנט געקליידעט. — באלד
(דערויף עפענט זיך א טיר פון דעם בירורגישען קאבינעט
(און פראפעסאר בענעדיקט קומט ארויין געקליידט אין ווייסען
(קאסטיום מעשה אפעראטאר.

## פראפעסאר בענעדיקט

גוט מארגען הער! מיט וועמען האב איך די עהרע?

## דער פאציענט

גוט מארגען אייך פראפעסאר בענעדיקט! מיין נאמען איז זשאן מעקארטי — איך בין דער פרעזידענט פון „טהע היי ווינדאס בענעװאלענט אסאסיאיישאן אף טהע ביג מיליאנערס”.

## פראפעסאר בענעדיקט

האב איך די עהרע — און וואס איז אייער וואונש פריינד מעקארטי?

זשאַן מעקאַרטי

איך גלויב פּראָפעסאָר בענעדיקט — אַז איהר דאַרפט שוין וויסען מיין וואונש — נעמליך איך וויל אינגער ווערען מיט אַ דרייסיג פערציג יאָהר.

פּראָפעסאָר בענעדיקט

נישט מעהר ווי רעכט — פריינד מעקאַרטי — עס וועט אייך נור קאָסטען נישט מעהר ווי פינף און צוואַנציג טויזענד דאָלאַר און איך וועל אייך מאַכען אינגער מיט גאַנצע פופציג יאָהר.

זשאַן מעקאַרטי (מיט פרייד)

וואונדערבאַר, ליעבער פּראָפעסאָר בענעדיקט — איך גיב אייך שוין אַ טשעק אויף צוואַנציג טויזענד. (ער שרייבט איהם אויס אַ טשעק) אך — אינגער ווערען מיט פופציג יאָהר — מיט פופציג יאָהר. ביי גאָד טהי וואָירלד איז מיין קאָנטרי. (ער גיבט איהם איבער דעם טשעק)

פּראָפעסאָר בענעדיקט (גרייכט איהם די האַנט)

איך דאַנק אייך פריינד מעקאַרטי — און זאָל אייך זיין מיט גליק.

זשאַן מעקאַרטי

פופציג יאָהר אינגער — נו־נו־נו — איי וועל איך דאָס אַ ביסעל צו לעבען — די שעהנע מאַרגאַריטקעס — די שעהנע טענצערינס — די זינגערינס — פּאַריז — מאָנטאָ־קאַרלאָ, בערלין, קאַירא, מאַדריד, סעווילאַ, ווענעציאַ — און שאַמפּאַניער, די גאָר בעריהמטע ליקערען — אַ, פּראָפעסאָר, צו די אַרבייט.

(ער ציהט זיך דעם מאַנטעל אויס)

פּראָפעסאָר בענעדיקט

נעדולד — פריינד מעקאַרטי — איך קען אייך ליידער נאָך נישט מאַכען די אָפּעראַציאָן שוין יעצט, ווייל איך האָב נאָך נישט דעם נויטיגען דריז פאַר אייך — איך האָב אָבער געסטערן ערהאַלטען אַ

טעלעגראַם פון אַפריקאַ אַז מען האָט מיר ארויסגעשיקט אַ גרויסען טראנספּאָרט מיט אַפּען — זעלבסטפערשטענדליך — וועל איך האָב דריזען גענוג און גענוג.

### זשאַן מעקאַרטי

פּראָפעסאָר — ביי גאָט זעהט מיר באַלד הײנט צו מאַכען די אָפּע־ראַציאָן. איך האָב שוין מעהר קיין געדולד צו זיין אַן אַלטער מאַן — איך שווער אייך ביי מיינע יאָהרען.

### פּראָפעסאָר בענעדיקט

גלויבט מיר זשאַן מעקאַרטי — ביי די ערשטע געלעגענהייט וועל איך אייך די אַלטקייט אינגאַנצען צונעמען ווי מען נעמט אַראָפּ אַ הינער אויג.

### זשאַן מעקאַרטי

אָבער איהר זאָלט מיר געזונד זיין פּראָפעסאָר בענעדיקט — איך וואָלט שוין געוואָלט אַ ביסעלע יונגע ליעבע — אַ יונגע מיידעל — אַ יונגען קוש — אַ יונגען גלעט — אַ יונגען וואונק — נו־נו־נו — יאָ־יאָ־יאָ — איהר פערשטעהט דאָך שוין וואָס איך מיין...

### פּראָפעסאָר בענעדיקט

עס וועט אייך זיין וואויל ווי די וועלט, מעקאַרטי! געהט אַהיים און ווי אַמשנעלסטען רוף איך אייך צו די אָפּעראַציאָן.

(ער נעמט ארויס אַ זילבערנע פלאַש פון די הויזען טאַש און גיסט אָן אַ גלעזעל.)

טרינקט מעקאַרטי, און זאָלען מיר זיין געזונד.

### זשאַן מעקאַרטי (כאַפּט און טרינקט)

אַ־ר — אַ־ר — אַ־ר (משמעות עס גיבט אַ ברען אין די קעהל).

### פּראָפעסאָר מעקאַרטי (טרינקט אויך)

אויף׳ס וואויל מעקאַרטי — אין קורצען אויף אייער יוגענד.

### זשאן מעקאַרטי

אמען — ביי גאָד טהי וואָירלד איז מיין קאַנטרי.

(עס הערט זיך אַ קלינג)

### פּראָפעסאָר בענעדיקט (גרייכט איהם די האנד)

אַלזאָ אויפס'ווידער זעהן מעקאַרטי — זייט גרייט ביי יעדען מאָמענט.

### זשאַן מעקאַרטי (פּאָרטגעהענדיג)

געוויס פּראָפעסאָר — איך בין שוין גרייט — ביי יעדען מאָמענט.
אָבער ווי אמשנעלסטען — אָבער ווי אמשנעלסטען — גוד ביי —
(מיט אַ זיפץ) גוד ביי. (פּאָרט).

(עס קומט אריין פלאָרענס אייראָנברוק).

### פלאָרענס אייראָנברוק

גוט מאָרגען פּראָפעסאָר בענעדיקט !

### פּראָפעסאָר בענעדיקט

גוט מאָרגען ליעבע דאמע ! מיט וואָס קען איך אייך דיענען ?

### פלאָרענס אייראָנברוק

טויזענד יאָהר זאָלט איהר מיר לעבען פּראָפעסאָר. איך קען אייך קודם כל זאָגען אז איך בין די פרוי פון אן אייזענבאהן מאגנאט — געוועזען אמאָל די שעהנסטע פון שטאָדט — מיין מאן האָט זיך פערליעבט אין מיר איבער די אויערען — אָנגעשריבען זיינע מיליאָנען אויף מיר. די בעסטע מענער פון שטאָדט האָבען זיך געפיהלט גליקליך ווען איך האָב אויף זיי נור אַ בליק געגעבען — די צייטונגען האָבען וועגען מיר יעדע וואָך עטוואָס אנדערש געשריבען — אמאָל וואָס פאר אַ קלייד איך האָב געטראָגען — וואָס פאר אַ שיך — ווי אזוי איך בין פארקעמט געווען — מיט וועמען איך האָב געטאנצט — און וואָס איך האָב געזאָגט — און וואָס איך האָב געגעסען צו פריה-שטיק — און וואָס איך האָב געגעסען צו סאפּער — און וואָס אזוי דאָס — און וואָס איז אהער — און וואָס איז אהין — נו־נו — שטעלט

זיך פאַר פּראָפעסאָר (מיט אַ זיפץ) אָבער לײדער האָט זיך דאָס אַלעס ווי מיט אַ כישוף אָפּגעטוהן פון מיר — און עס דוכט זיך מיר אַזוי ווי איך וואָלט גאָר נישט עקזיסטירט אויף די וועלט — איך וועל אײך פערשרייבען אַ האַלבען פּערמעגען, פּראָפעסאָר, און מאַכט מיך צוריק אַזוי יונג און שעהן ווי איך בין געווען — דאָס לעבען איז פאַר מיר היינט גאָר נישט ווערט.

(וויינט עטוואָס און ווישט זיך די אויגען)

## פּראָפעסאָר בענעדיקט

וויינט נישט פערעהרטע פרוי — זייט נישט פערצווייפעלט — איהר זאָלט אַזוי נישט האָבען קיין זאָרג וועגען אייערע מיליאָנען ווי איהר דאַרפט נישט זאָרגען וועגען אייער אַלטקייט — איך וועל אײך צוריק מאַכען אַזוי יונג און שעהן אַז די מענער וועלען צופּלאַצט ווערען פאַר אײך — ווי נאָר אַ שעהנהייטס קאָנטעסט — וועט איהר געווינען דעם פּרייז — מיט איין וואָרט — איהר וועט ווערען דער חלום פון טויזענטער די שעהנסטע יונגע לייט פון שטאָדט.

## פלאָרענס אייראָנברוק

אַך — אַך — (ענטציקט) וואָס רעדט איהר ליעבער פּראָפעסאָר? איהר האָט מיר אַ ניי הערץ אריין געזעצט — איהר האָט מיר אַ נייעם גלויבען געגעבען — איך בין אויפגעלעבט — איך בין יעצט ווי ניי געבוירען — נעמט אײך אַ טשעק אויף הונדערט טויזענד דאָלאַר און נעמט אײך צו די ארבייט.

(זי גיבט איהם דעם טשעק און ער נעמט עס מיט אַ געמאַכטען שטאָלץ און צופרידענהייט.

## פּראָפעסאָר בענעדיקט

וואָס זאָל איך אײך זאָגען — שעהן וועט איהר ווערען ווי אסתר המלכה, ווי קלעאָפּאַטרא — ווי סעמיראַמיס — ווי ווענוס — ווי אַפראָדיט זעלבסט — און איהר וועט קענען ענדערען אייער נאָמען אויף „אַפּראָדריזים”. דאָס וועט מיינען אַ מין מאָדערנע שעהנהייטס געטין — און קען איך אײך זאָגען אַז איך אַליין האָב אויך מורא אַז איך זאָל מיך נישט פערליעבען אין אײך...

פלאָרענס אייראָנברוק (מיט בעגייסטערונג)

טאקע? טייערער פראָפעסאָר — צו די ארבייט — איך האָב שוין קיין געדולד נישט.

(זי וואַרפט אַראָפּ דעם הוט און וויל זיך נעמען די קליידער אויסציהען.)

פראָפעסאָר בענעדיקט

געדולד — פערעהרטע דאמע! איך מוז צוגרייטען דעם נויטיגען דריז פאר אייך און דאָס מוז דויערען אַ באשטימטע צייט — וואָס דענקט איהר אַז איך וועל איינפלאנצען אייך אַ געוועהנליכען דריז — אייער דריז מוז זיין אַ קוריאָזיטעט — ווי אַ זעלטענער דיאמאנט.

פלאָרענס אייראָנברוק (נערוועז)

פאר וואָס ווארטען? איך האָב קיין געדולד נישט מעהר — יוגענד, יוגענד וויל איך — געוואלד יוגענד —

פראָפעסאָר בענעדיקט

וואויל איז אייך ווי די וועלט פערעהרטע דאמע! איך וועל מיך ווי אמשנעלסטען נעמען צו די ארבייט.

פלאָרענס אייראָנברוק

ווי לאנג קען עס אזוי דויערען ביז איהר וועט ערהאלטען דעם נויטיגען דריז? טייערער פראָפעסאָר!

פראָפעסאָר בענעדיקט

אַ צוויי דריי וואָכען.

פלאָרענס אייראָנברוק

אָבער נישט לענגער, פראָפעסאָר בענעדיקט, איך וועל קראנק ווערען פאר אונגעדולד — די אַלטקייט דריקט מיך ווי אַ בארג בליי. מאַכט עס ווי אמשנעלסטען. (געהט פאָרט האלב טראגיש) גוד ביי (מיט אַ זיפץ) גוד ביי —

פּראָפעסאָר בענעדיקט

(איתר נאָך בליקענדיג בעדויערענסאַרטיג אימיטירענדיג)

גוד ביי — גוד ביי — זי וועט שוין לענגער ווארטען.
הא־הא־הא (לאכט טייפליש) זי וויל יונג ווערען, שפּיעלען די אַלטע ראָלע — אָך די מענשען — ווי קינדער.

(גראַף פּאַרדאָן קומט האסטיג אריין צולויפען)

גראַף פּאַרדאָן (נערוועז)

איך האָב מיך נאָר וואָס דערוויסט פון אַ געוויסע קוועלע, פּראָפעסאָר, אַז צוויי דעטעקטיווס זענען געשיקט געוואָרען צו אייך אויספאָרשען אייער פּראַקטיק און זיי דאַרפען באלד דאָ זיין.

פּראָפעסאָר בענעדיקט

(בערוישט, כאַפּט זיך ביים קאָפּף און פערטראכט זיך אַ ביסעל)

גרימירט זיך שוין גראַף אַלס אַן אַלטער מאַן — שנעל — און זעצט זיך אַוועק אַלס פּאציענט. (רופט) אמאַליא — אמאַליא — קום אריין געשווינד.

(אַמאַליא קומט אריין געקליידט ווי אַ געהילף)

אַמאַליא

וואָס רופסט דו מיך בענעדיקט?

פּראָפעסאָר בענעדיקט

גרימיר דיך שוין אַלס אַן אַלטע פרוי און זעץ דיך אַלס פּאציענטין — צוויי דעטעקטיווס קומען באלד אהער.

(אַמאַליאַ און גראַף פּאַרדאָן לויפען שנעל אריין)

פּראָפעסאָר בענעדיקט (צום ניגער)

לויף דו אויך אריין און גרימיר זיך אַלס אַן אַלטער מאַן און קום אריין און זעץ דיך אַלס פּאציענט — נור שנעל.

דער ניגער

האַ-האַ-האַ (לאַכט) פּראָפעסאָר — אויסגעצייכענט — אויסגעצייכענט — איך וועל זיך גרימבירען — גרימבירען — אַז דער פּראָפעסאָר וועט מיך זעלבסט נישט דערקענען אַלבעטשע. (שנעל פאַרט)

(אַ קלינג אין די טיר — פּראָפעסאָר בענעדיקט עפענט און ס'קומט אריין בענדזשאַמין אויגענצאַפּפעל.)

בענדזשאַמין אויגענצאַפּפעל

גוט מאָרגען אייך פּראָפעסאָר לעב! איך האָב די עהרע מיך פאַר אייך פאָרצושטעלען. מיין נאָמען איז בענדזשאַמין אויגענצאַפּפעל — און איך בין נעמליך דער פּרעזידענט פון צוועלף טויזענד מעמבערס — אַסאָסיאיישאָן אָף טהי אָלד גלאָרי — און מיר אַלע צוועלף טויזענד מעמבערס האָבען בעשלאָסען יונג צו ווערען.

פּראָפעסאָר בענעדיקט (עטוואָס נערוועאיש מיט קאָנצענטראַציאָן)

האָ — דער מאָדערנער געדאַנק גרייכט איבעראל — עס פרעהט מיך צו הערען.

(רייבט זיך די הענד)

בענדזשאַמין אויגענצאַפּפעל

אָבער פּראָפעסאָר לעב! מאָרגען מוז איך געבען אַ רעפּאָרט אין אונזער פערהאיין — גיבט מיר אַן ערקלערונג — ווי אַזוי? און וואָס — און ווען? און וואו? אין וועלכע צייט? און אַזוי ווייטער — און אַזוי ווייטער —

פּראָפעסאָר בענעדיקט

איך וועל אייך אַלעמען יונג מאַכען — אָבער יונג מאַכען ביז גאָר — גאָר. איך מוז שוין זעהן צו בעזאָרגען צוועלף טויזענד דריזען און מיך נעמען צו די ארבייט.

בענדזשאַמין אויגענצאַפּפעל

און וויפיעל וועט איהר אונז רעכענען אַזוי אַלע צוזאמען?

פּראָפעסאָר בענעדיקט

זעהר עקאָנאָמיש — פינף טויזענד דאָלאר פער פערזאָן.

בענדזשאַמין אויגענצאַפּפעל

וואונדערבאר — וואונדערבאר — פּראָפעסאָר לעב! טויזענד יאָהר זאָלט איהר מיר לעבען. מאָרגען ברענג איך דאָס פּאָר פּאר די פערזאמלונג וועלכע ווערט ספּעציעל פאר דעם צוועק בערופען — און די מעמבערס וועלען זיין בערוישט פון פרייד — (גרייט זיך אָפּ צו געהן) אַ גוטען טאָג פּראָפעסאָר לעב — אַ גוטען טאָג — (אָפּגעהענדיג)

פּראָפעסאָר בענעדיקט

אַ גוטען טאָג.

(רייבט זיך ביים שטערען אָנגעשטרענגט. (אמאליא און גראף (פארדאָן קומען אריין גרימירט, אמאליא אַלס אַלטע שפּאנישע (פרוי, און גראף פארדאָן אַלס אַלטער רוסישער גענעראל. באלד (קומט אָן דער ניגער גרימירט אַלס אַן אַלטער איד.

פּראָפעסאָר בענעדיקט

וואונדערבאר — זעצט זיך אויס און וואַרטס נאָך מיין רוף. (זעצען זיך אויס)

(אַ קלינג אין טיר. פּראָפעסאָר בענעדיקט עפענט און ס'קומט (אריין דער רעפּאָרטער.

דער רעפּאָרטער

גוט מאָרגען פּראָפעסאָר בענעדיקט! איך האָב מיך די עהרע פאָר אייך פּאָרצושטעלען. איך בין אַ רעפּאָרטער פון די טעגליכע צייטונג: „דער לויפענדער זיגזאג" פון וועמען איך בין געשיקט געוואָרען צו האָבען אַן אינטערוויאַ־אַ־אַ מיט אייך.

פּראָפעסאָר בענעדיקט

זעהר ליעבענסווירדיג פערעהרטער מאן — נעמט פּלאַץ —

(דער רעפּאָרטער זעצט זיך און מאַכט זיך גרייט מיט שרייב (געצייג. אַ קלינג אין טיר. פּראָפעסאָר בענעדיקט עפענט, (און ס'קומט אריין אַ צווייטער רעפּאָרטער.

### צווייטער רעפּאָרטער

גוט מאָרגען אייך פּראָפעסאָר בענעדיקט! איך האָב די עהרע מיך פאַר אייך פאָרצושטעלען. איך בין דער רעפּאָרטער פון די טעגליכע צייטונג „דער אָבענד קנאַקער", פון וועמען איך בין געשיקט געוואָרען צו האָבען אַן אינטערוויאָ־אָ מיט אייך.

### פּראָפעסאָר בענעדיקט

זעהר ליעבענסווירדיג — פערעהרטער מאַן — נעמט פּלאַץ.

(דער רעפּאָרטער זעצט זיך בעגריסענדיג זיך מיט דעם אַנדערען
(רעפּאָרטער קאָליעגיאַל — צוגרייטענדיג זיך שרייב געצייג.
(אַ קלונג אין טיר. פּראָפעסאָר בענעדיקט עפענט און ס'קומען
(אריין די צוויי דעטעקטיווס עטוואָס גרימירט אַלס עלטערע
(לייט. קומען אריין פאַרשענד — פינקלען מיט די אויגען
(אין אַלע זייטען.

גוט מאָרגען פּראָפעסאָר בענעדיקט!

### פּראָפעסאָר בענעדיקט

גוט מאָרגען. (נערוועז) מיט וועמען האָב איך די עהרע?

### דעטעקטיוום (שמייכלען עטוואָס)

מיר ווילען אייערע פּאַציענטען ווערען.

### פּראָפעסאָר בענעדיקט (גיבט א הוסט)

נעמט פּלאַץ.

(די דעטעקטיווס זעצען זיך און בליקען זיך ארום אין אַלע
(זייטען. — פּראָפעסאָר בענעדיקט געהט אריין אין זיין
(כירורגישען קאַבינעט.

### איין דעטעקטיוו (צום גרימירטען ניגער איד)

איז דאָס דער ערשטער וויזיט וואָס איהר האָט היינט?

### ניגער

יאָ מיסטער —

### דער דעטעקטיוו

און וואָס איז אייער פּראָפעסיע?

ניגער
איך בין א גבאי אין די שוהל קרן קימת.

דער דעטעקטיוו (צו די אַלטע פרוי)
מיט וויפיעל אינגער דענקט איהר צו ווערען, פערעהרטע פרוי?

די אַלטע פרוי
מיט א פופציג יאָהר וויינינגסטענס.

דער דעטעקטיוו
קענט איהר מיר זאָגען אייער נאָמען, פערעהרטע פרוי?

די אַלטע פרוי
געוויס — מיין נאָמען איז קארמענסיטאָ באָספאָרינאָ — געבוירען אין שפאניען, שוין זעכציג יאָהר אין נויאָרק.

דער דעטעקטיוו (צום גראף פאַרדאָן)
און מיט וויפיעל דענקט איהר אינגער צו ווערען?

גראף פאַרדאָן
אָ־אָ — מיט א דרייסיג פערציג אָהר.

דער דעטעקטיוו
קען איך האָבען די עהרע צו וויסען אייער נאָמען?

גראף פאַרדאָן
געוויס — מיין נאָמען איז גענעראל ניקיטין. בין פון רוסלאַנד — איך דענק יעצט צו פאָהרען נאָך סאָוויעט ראָשיע.

(עס הערט זיך אַ סיגנאַל קלאנג. איינס־צוויי־דריי. דער דאַק־
(טאָר עפענט די טיר פון כירורגישען קאַבינעט און רופט אריין
(דעם אַלטען גרימירטען ניגער. עס ווערט פינסטער. נור דאָס
(קאַבינעט איז שטארק בעלויכטען און עטוואָס דורכזיכטיג.
(און עס זעהען זיך פארשיעדענע בעוועגונגען פון אונבאשטימ־
(טען כאַראַקטער דורך די לייוועגט.—דער נעגער מאַכט שמערץ
(גרימאַסען. נאָך פינף מינוט ציוט פאַנגט די מוזיק אָן צו
(שפיעלען אַ חסידישען טאַנץ און עס ווערט ליכטיג ארום. און
(דער אַלטער ניגער איד קומט ארויס אַלס יונגערמאַן און לאָזט
(זיך אַוועק דעם חסידישען טאַנץ אַזש עס דונערט אונטער
(זיינע פיס.

(די רעפּאָרטערס פערשרייבען נאָטיצען, און די דעטעקטיווס
(זענען בערוישט. ווידער אַ קלונג איינס־צוויי־דריי. דער
(דאָקטאָר עפענט די טיר פון זיין כירורגישען קאַבינעט און
(רופט אריין דעם גראף פּארדאָן. עס ווערט ווידער פינסטער
(ארום — אָבער דער קאַבינעט באלויכטען דורכזיכטיג. ווידער
(הערען זיך קליינע שמערץ גרימאַסען — אין אַ דריי מינוט
(פאַנגט די מוזיק אָן צו שפּיעלען אַ רוסישע קאַמאַרינסקאַ, און
(דער פריהערדיגער אַלטער קומט ארויס אַלס יונגער און לאָזט
(זיך אַוועק דעם רוסישען טאַנץ אַזש עס דונערט אונטער זיינע
(פיס. די רעפּאָרטערס פערשרייבען ווידער און די דעטעקטיווס
בערוישען זיך.

(ווידער אַ סיגנאַל קלאנג. איינס־צוויי־דריי. דער פּראָפעסאָר
(עפענט די טיר פון כירורגישען קאַבינעט און רופט אריין די
(אַלטע פרוי. עס ווערט ווידער פינסטער אַרום אָבער דער קאַ־
(בינעט באלויכטען. אייניגע שמערץ גרימאַסען מיט אַ דריי
(מינוט שפּעטער פאַנגט די מוזיק אָן צו שפּיעלען די שפּאַנישע
(מעלאָדיע און עס ווערט ליכטיג ארום. און די פריהערדיגע
(אַלטע קומט ארויס אַלס שעהנע יונגע סינאָריטאַ מיט קאַסטאַ־
(נעטען און פאנגט שעלמיש אָן צו ווינקען און צו ווארפען
(אויגען און זינגט דאָס ליעד און טאַנצט.

## אַמאַליא

אָ פון גראנאַדאַ ביז סעווילִיא
און פון וואלענציא ביז קאדיז.
דאָרט זאָלען אויך די מענשען וויסען
אך וואָס פאר א קראפט עס האָט א דריז...

אָ פון טאָלעדאָ ביז מאַלאַגאַ
פון בארצעלאָניא און אויך מאדריד
אזוי קען איך אייך אַלע זאָגען
אָ מענשען! אז א דריז איז גאָר גוט...

געבוירען בין איך אין קאָרדאָוואַ
איך קארמענסיטאָ באָספּאָרינאָ

כ'בין אַלט געוואָרען יאָהרען אכציג
און יעצט אַ יונגע סינאָרינאָ.

. . . . . . .

. . . . . . .

(טאַנצט בעגייסטערט)

(פּראָפעסאָר בענעדיקט קומט צוריק אריין אַנגעשטרענגט, זיע־
(געריש מיט שטאָלץ. די רעפּאָרטערס לויפען צו איהם צו מיט
(בעגייסטערונג. גרייכען איהם די הענד.

די רעפּאָרטערס

וואונדער איבער וואונדער — פּראָפעסאָר! איהר האָט אונז גליקליך
געמאכט — מיר זענען ערשטוינט —

די דעטעקטיווס (גרייכען איהם די הענד)

טויזענד יאָהר זאָלט איהר לעבען פּראָפעסאָר בענעדיקט — איהר זייט
א וואונדער פון יעצטיגען יאָהר הונדערט — הורא — הורא — עס
לעבע אונזער פּראָפעסאָר.

די רעפּאָרטערס

הורא — הורא — האָך אונזער פּראָפעסאָר בענעדיקט — צוועלף
מאָהל האָך

פּראָפעסאָר בענעדיקט

(ארויסנעמענדיג זיין זילבער פלאש און מכבד יעדען מיט אַ
(גלעזעל.

טרינקט מיינע ליעבע פריינד.

איין רעפּאָרטער (האלטענדיג זיין שרייב געצייג)

ווען זייט איהר געבוירען פּראָפעסאָר בענעדיקט?

פּראָפעסאָר בענעדיקט

אין יאָהר אכט הונדערט און זיבעציג.

דער רעפּאָרטער

ב — ק אָדער נ — ק?

פּראָפעסאָר בענעדיקט

וואָס מיינט דאָס ?

דער רעפּאָרטער

בעפאָר קריסטוס, אָדער נאָך קריסטוס צייט רעכענונג ?

פּראָפעסאָר בענעדיקט

ב — ק —

דער רעפּאָרטער

לעבט איהר שוין הייסט עס צוויי טויזענד זיבען הונדערט אכט און נײנציג יאָהר ?

פּראָפעסאָר בענעדיקט

אזוי ווי איהר הערט — איך פּלאַנעֶ מיר יעדע פופציג יאָהר אַ נייעם דריז איין — דאָס איז די קראפט — איך ווער יעדע פופציג יאָהר צוריק יונג.

די רעפּאָרטערס (פאַרשרייבענדיג)

וואונדערבאר — וואונדערבאר —

די דעטעקטיווס

אַ געטליכער מענש — אַ געטליכער מענש...

(טרינקען אַלע צוזאַמען — עס קומען אריין אַ גרופּע זינגער
(און טענצער — משמעות זיינע פּאַציענטען געוועזענע פון
(מושב זקנים און פאנגען אָן צו טאַנצען און זינגען אונטער
(די פיהרערשאפט פון אַמאַליא צויבערגלעקעל.

אַמאַליא צויבערגלעקעל (אַליין)

דער מענש באקומט דאָך פליגעל גלייך —
און ווערט אַן עראָפּלאַן.
און דאָס האָט נאָר אַ דריז אין אייך
געמאַכט אַ יונגען מאַן.

אַלע

(טאַנצענדיג — דער פּראָפעסאָר, די רעפּאָרטערס, די דעטעקטיווס
(טאַנצען מיט מאריאָנעטיש שטעהענדיג אויף איין אָרט.

אַלע צוזאַמען
דער מענש בעקומט דאָך פליעגעל גלייך
און ווערט אַן עראָפּלאַן.
און דאָס האָט נור אַ דריז אין אייך
געמאַכט אַ יונגען מאַן...

אַמאַליא (אַליין)
די פרוי האָט אויך דעם דריזען גליק
בעקומט די יוגענד באַלד —
און גיב איהר נור אַ וואונקען בליק
זי לויפט שוין צו צום וואַלד...

אַלע
די פרוי האָט אויך דעם דריזען גליק —
בעקומט די יוגענד באַלד.
און גיב איהר נור אַ וואונקען בליק
זי לויפט שוין צו צום וואַלד...

אמאליא
דער מאַן איז נישט קיין עלעפאַנט —
און לויפט מיט שנעלע טריט.
און כאַפּט זי פעסט אריין אין האַנד
און מאַכט זיך מיט איהר קוויט...

אַלע
דער מאַן איז נישט קיין עלעפאַנט —
און לויפט מיט שנעלע טריט.
און כאַפּט זי פעסט אריין אין האַנד
און מאַכט זיך מיט איהר קוויט...

אַמאַליא
דער רבי זעהט פערשעהמט זיך צו —
און מאַכט אַן אָך און איי,

זיי דארפען מיך שוין מעהר נישט דאָ —
דעם דין בעגרייפען זיי...

אַלע

דער רבי זעהט פערשעהמט זיך צו —
און מאַכט אַן אָך און איי,
זיי דארפען מיך שוין מעהר נישט דאָ
דעם דין בעגרייפען זיי...

(אַלגעמיינער טאַנץ)

(פאָרהאַנג)

(ענד פון ערשטען אַקט)

## צווייטער אקט

(אין הויפט זאַל פון דעם מיליאָנען פאַלאַץ פון פּראָפעסאָר בענעדיקט וועל־
(כער האָט הייגט אַראַנזשירט אַ ּהוליאַנקע און פאַרוויילונג און איינ־
(געלאַדען פריינד און פּאַציענטען צו שטאַרקען זייער גלויבען אין איהם —
(און דערביי אויך צייגען אַז ער האָט שוין ערהאַלטען אַ טראנספּאָרט אַפען.
(פאָרהאַנג אויף)

דער ניגער (לויפענדיג עפענען)

אָלרייט — אָלרייט —

(עס קומען אריין זשאַן מעקאַרטי מיט בענדזשאַמין אויגענ־
(צאַפּפעל, וועלכע רויכערען גרויסע ציגאַרען און זעצען זיך
(זעהר ברייט.

זשאַן מעקארטי

נו, זעהסט דו בענדזשאמין, עס האָט זיך נאָך נישט אָנגעפאַנגען און דו האָסט דיך געאיילט, האָסט געמיינט אַז דו וועסט פערשפּעטיגען.

בענדזשאַמין אויגענצאַפּפעל

כ׳האָב זיך נישט געאיילט — אָבער קיין געדולד האָב איך נישט — קיין געדולד — איך וואָלט שוין געוואָלט זעהן אַ רעזולטאַט — עס איז שוין זיבען חדשים ווי ער נאַרט אונז אַזוי כסדר — מיר האָבען אים שוין איינגעצאָהלט אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר, דער פּעראַיין איז זעהר אויפגערעגט — און ס׳קומען פאָר קריגערייען יעדען טאָג, און איך ווייס שוין איבערהויפּט נישט וואָס זיי צו ערקלערען.

זשאַן מעקאַרטי

ער האָט ביי מיר אַליין שוין אויך גענומען אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר און איך זעה נישט קיין רעזולטאַט.

(ס׳קומט אריין פלאָרענס איירענבּרוק מיט איר מאַן
(באַלד פאָלגט נאָך איניגע לייט פון מושב זקנים,
(יהודה ביינעש, גימפעל משה, דוואשע, ציפּע לאה
(יום טוב׳דיג געקליידט און נעמען פּלאַץ.

יהודה ביניש

דער בעל שמחה בכבודו ובעצמו הפראָפעסאָר בענעדיקט איז נאָך גאָר נישט דאָ.

גימפעל משה

און וואָס האָט ער זיך צו איילען? ער וועט שוין קומען אין די ריכ־טיגע צייט.

יהודה ביניש

איך וואָלט שוין געוואָלט זעהן די דריזען — איך בין זעהר נייגעריג, איך האָב שוין פיעלע חלומות געהאט אָט וועגען די דריזען.

גימפעל משה

מיין גלויבען איז אָפּגעשוואכט, יהודה ביניש! פון דאמאָלסט אָן ווען ער האָט מיר אָפּגעראַזירט מיין באָרד אויף שלאָף געטראנק, איז מיין גאנצער גלויבען פערשוואונדען.

יהודה ביניש

מיין גלויבען איז אויך נישט שטארק — ער האָט מיין באָרד אויך אָפּגעראַזירט אויף שלאָף געטראנק — געוואָלד — זאָג איך, פראָפּעסאָר לעב! דארף איך בעצאָהלען פינף טויזענד דאָלאר פאר אָפּראַזירען מיין באָרד? דאָס וואָלט דאָך מיר א בארבער געמאכט פאר צוואנציג סענט, און נישט אויף קיין שלאָף געטראָאנק.

גימפעל משה

און וואָס האָט ער געזאָגט?

יהודה ביניש

אז די הויפט זאך וועט זיין שפעטער, דאָס הייסט מיט דעם דריז.

דוואָשע

מיר האָט ער אויך איינגעגעבען שלאָף געטראנק — מיך אָפּגעשוירען, ארויפגעקלעפּט א פארוק — א בלאָנדע שייטעל און אָפּגעפּודערט מיט שמינקע און מיך אויפגעוועקט. נו, מיס דוואָשע זעה דיך אין שפּיע־געל — איך האָב מיך טאקע נישט דערקענט — אָבער מיט א טאָג שפּעטער האָב איך דערפיהלט אז עפּעס קלעפּט מיר אויפ'ן קאָפּ —

איך בין גלייך געלאָפען צוריק צום פּראָפעסאָר — געוואלד — זאָג איך, פּראָפעסאָר לעב! וואָס האָט איהר מיר געטוהן? כ׳האָב אייך שוין אכט טויזענד דאָלאר איינגעצאָהלט, און איך בין נאָך גאָר נישט אינגער געוואָרען — איך פיהל בלויז אז עפּעס קלעפּט מיר אויפ׳ן קאָפּ — זאָגט ער מיר אז דאָס איז בלויז ביוטי קאָלטשור — און די הויפּט זאך וועט זיין שפּעטער, און האָט מיר דערווייל געגעבען א פלעשעל אַ דע קאָלאָן זיך צו וואשען דאָס געזיכט צוויי מאָל טעגליך — אָבער וואָס עס קלעפּט מיר אזוי שטארק הער פּארוק אויפ׳ן קאָפּ ווייס איך נישט — מיין שכנה זאָגט מיר אז דאָס איז געקלעפּט מיט קאָנ־קריט און צעמענט פיליכט...?

(ס׳קומען אריין נאָך אייניגע לייט און נעמען פּלאץ)

## בענדזשאַמין אויגענצאַפּפעל (מיט א צייטונג אין האנד)

פערעהרטע פריינד! איך האָב נור וואָס דאָ געפונען די צייטונג „דער לויפענדער זיג זאָג", וואָס איז ערשיענען מיט זעקס מאָנאטען צוריק און שרייבט וועגען די וואונדער פון אונזער פּראָפעסאָר. (לעזט) עס געהט אריין א מענש אלס אכציג יעהריגער תרח (טעראך) און קומט ארויס אלס יונגער צוואנציג יעהריגער אבראהאם. — אן אלטע באָבע פון פינף און אכציג יאָהר ווערט פערוואנדעלט אין א זיבעצען יעהריגע פלעפּערקע. — א גאנצער מושב זקנים ווערט אין צוויי טעג פערוואנ־דעלט אין רעגעלע שול אינגלעך און מיידלעך — — פּראָפעסאָר בע־נעדיקט איז אלט צוויי טויזענד זיבען הונדערט אכט און נײַנציג יאָהר. ער פּלאנצט זיך יעדע פופציג יאָהר א נייעם דריז איין — א — —

(ס׳קומט פּלוצלינג אריין גראף פּארדאָן אין אַ צילינדער הוט
(וואָס דער ניגער נעמט גלייך צו.

## גראף פּארדאָן

גוט יום טוב מיינע ליעבע מענשען! יאָ, מיר האָבען היינט א גרויסען יום טוב — פרעהט אייך — זייט לעבעדיג — פאר איזערע אויגען וועלען היינט ערשיינען די דריזען — פּארדאָן וויל איך זאָגען די אפען, וועלכע וועלען זיין גענוג ליעבענסווירדיג אייך צו

געבען די דריזען און אייך איינגער צו מאכען — עס האָט אונז פיעל מיה און שווערע ארבייט און אויפאָפּפערונג געקאָסט זיי צו פאַנגען אין די ווילדע געגענדען פון ווייטען אפריקא — אָבער קיין זאך האָט אונז נישט געקענט צוברעכען אונזער מעכטיגען אידעאַליזם — מיר זיינען העלדען, קעמפּער — פאַר דאָס גליק פון דער מענשהייט — איהר וועט באלד געהאָלפען ווערען, די יוגענד איז אייך נאָהנט, די גאָלדענע יוגענד, זאָל איך אזוי לעבען — דאָס גליק איז אייך נאָהנט... און יעצט ליעבע גליקליכע מענשען, ווען דער פּראָפעסאָר בענעדיקט וועט אריין קומען גיבט איהם א גרויסע אָוואציע, אפּלאָדירט איהם, עהרט איהם. ער אָפּפערט זיך זיין גאנצען לעבען פאַר די וויסענשאפט ווי אזוי גליקליך צו מאכען דאָס מענשען געשלעכט — און איהר מענשען האָט איהם פיעל צו פערדאנקען.

דער ניגער (קומט אריין האסטיג)

דער פּראָפעסאָר געהט — דער פּראָפעסאָר איז דאָ.

(אַלע שטעלען זיך אויף מיט רעספּעקט. פּראָפעסאָר בענעדיק־
(טין קומט אריין מיט שטאָלץ מאַגנאַטיש געקליידט, צילינדער־
(הוט. אויף די הענד שימערירען אונגעוועהנליך גרויסע ברי־
(ליאנטען. אַלע אַפּלאָדירען בעגייסטערט.

פּראָפעסאָר בענעדיקט

זייט געגריסט מיינע ליעבע מענשען!

זשאַן מעקאַרטי

מיר זענען שטאָלץ מיט אונזער גרויסען פּראָפעסאָר.

בענדזשאַמין אויגענצאַפּפעל

עס לעבע דער פּראָפעסאָר בענעדיקט — הורא — הורא!

אַלע

הורא — הורא — האָך אונזער פּראָפעסאָר בענעדיקט.

(פּראָפעסאָר בענעדיקט פערנייגט זיך איניגע מאָהל און בע־
(דאנקט די געזעלשאפט. זעצט זיך אויף אַ גרויסען לעהן
(שטוהל אין צענטער מעשה הערשער, און פאַנגט אָן רויכערען
(אַ סיגאַר און בעפעהלט צו בעגינען די פעסטליכקייט, און צו
(סערווירען די גוטע געטרענקען און צו לאָזען זיך וואויל
(געהן.

(בעדיענער קומען אריין און טיילען אויס בעכער וויין מיט
(פערשיעדענע פרוכטען און קובען צו בייסען און פערשיעדענע
(ליקערען און שאַרפע געטרענקען.

### גראף פאַרדאָן

מיר ווינשען דעם פּראָפעסאָר גרויס ערפאָלג אין אַלע זיינע אונ־
טערנעמונגען.

### יהודה ביניש

הלואי, ריבונו של עולם — אָמן.

### גימפעל משה

דער וויין שיינט מיר צו זיין דער בעריהמטער כרמל וויין פון ארץ
ישראל.

(די בעדיענער קארגען נישט. לויפען ארום און פילען אָן די
(בעכער כסדר.

### גראף פּאַרדאָן

טרינקט — לאָזט אייך וואויל געהן — ס'איז א גרויסע שמחה היינט.

(זינגט שיכור'ליך)

נאָך א ביסעל, נאָך א ביסעל,
דעם גוטען, גוטען, גוטען וויין.
אויך שאמפאניער, נאָך שאמפאניער
און זאָלען מיר שוין פרייליך זיין.

(טאַנצט שיכור'ליך)

ס'איז דאָס לעבען — ס'איז דאָס לעבען,
וואָס בעגעהרט נור לויטער פרייד
זייט שוין מענשען, זייט שוין מענשען
אָלרייט — אָלרייט — אָלרייט — אָלרייט —

(מאַכענדיג סיגנאַל צייכענס מיט די הענד אין פארשיעדענע
(זייטען.

(עס עפענען זיך די טירען פון אייניגע זייטען און ס'קומען
(אריין טענצער און טענצערינען אין אַלט גריכישע קליידונג
(און טאַנצען דעם באלעט בעטיטעלט „אָדם און חוה”. עס
(ווערט ארייגעבראכט אַ בוים מיט עפּעל און געשטעלט אין
(צענטער מיט גרויסע בוכשטאבען אויפגעצייכענט: „עץ הדעת”
(און "די עפּעל פון ניער דריזים”. עס ווערט ארומגעטאַנצט
(אַרום דעם בוים. ווען דער באלעט ענדיגט ציהען זיך אַלע
(טענצער צוריק און עס בלייבען איבער אָדם און חוה וועלכע
(זינגען דאָס ליעד.

חוה (אמאליא צויבערגלעקעל)

יוי גוט עס איז צו זיין אַ מיליאָנער —
און אוועקצופאָהרען אַזש נאָך שאַנכיי,
אַז קיינער זאָל נישט וויסען ווער איז ווער —
לעבען — הוליען — ביז אַלעס איז פערביי.

אָדם

יאָ — ווייל די יאָהרען לויפען שנעל אוועק,
און קיין אייביגקייט — און קיין גן עדן —
ווער אונזער וואנדערשאפט דערגרייכען אַ ברעג
און דאָרט פיליכט געפינען גליק מיט פריידען...

חוה

ס'איז פיעל געליעבטער אָדם! שוין מיין טרוים,
מיט לוסט — פריינדשאפט — און פיעל בעגעהרען —
און צייט איך האָב פערזוכט פון וויסענס בוים
קען איך רוהיג מעהר נישט דענקען — קלערען —

אָדם

אַ פיעל געליעבטע! ס'איז אויך גרויס מיין לייד
און ס'איז דאָך די וועלט נאָך פול מיט בוימער,
— וועסט ווען פערזוכען אַן עפּעל אין צייט
וועסט דיך פיהלען זיגרייך ווי די רוימער...

חוה

אָ מיין ליעבסטער אָדם! דו גיבסט מיר טרייסט —
איך ווער בעוועלטיגט פון נייע קרעפטען
ווייל מעכטיג ווירקט אויף מיר דיין גרויסער גייסט
ווערט אויך זיך זעעלע מיט גייסט בעהעפטען...

אָדם

און יעצט אָ געליעבטע! גיב מיין דיין האנד
קום מיט מיר אין ווייטע וועלטען נייע,
איבער ים און געבירג אין ווייטעס לאַנד —
פון דענקער מענשען — און מענשען פרייע.
(נעמען זיך ביי די הענד און געהען לאנגזאם פאַרט)

פּראָפעסאָר בענעדיקט (ווי פון שלאָף ערוואַכט)

טרינקט מיינע ליעבע פריינד — עס איז אַ גרויסע שמחה היינט —
טרינקט נור וויפיעל איהר קענט.

(די בעדיענער לויפען ארום און מאַכען פול די בעכער און קאַרגען נישט און דער עולם טרינקט בעגייסטערט.)

גראף פּאַרדאָן (שיכור'ליך)

נאָך אַ ביסעל — נאָך אַ ביסעל —
דעם גוטען — גוטען — גוטען וויין.
אויך שאַמפּאַניער, נאָך שאַמפּאַניער —
און זאָלען מיר שוין פרייליך זיין.

(טאַנצט)

ס'איז דאָס לעבען — ס'איז דאָס לעבען —
וואָס בעגעהרט נור לויטער פרייד
זייט שוין מענשען, זייט שוין מענשען,
אין יעדע צייט — אין יעדע צייט —

פּראָפעסאָר בענעדיקט (אויפשטעלענדיג זיך)

פערעהרטע פריינד! איהר האָט דאָ נור וואָס געזעהן דעם באַלעט „אָדם און חוה". יאָ, עס האָט זיך חוה'ן פערגלוסט צו פערזוכען פון עץ הדעת... ביז עס האָט זיך איהר נישט פערגלוסט האָבען זיי געלעבט ווי אין אַ גן עדן — איז אָבער געקומען די שלאַנג מיט די

סענטימענטאַלע צערטליכע שפּראַך און בעווירקט די אָרימע חוה צו פערזוכען דעם עפּעל פון עץ הדעת — דאַמאָלסט האָבען זיי שוין ביידע נישט געלעקט קיין האָניג, נישט אָדם, און נישט חוה. קיין רוה — קיין פריעדען — אויס גן עדן. יאָ, איך האָב דאָ נור וואָס גערעדט וועגען האָניג. — — איך מוז אייך דערציילען אַז די פרויען אין די גאָר אַלטע צייטען האָבען נישט געטראָגען קיין פּאַקעט־בוקס מיט פּודער און רוזש, נור האָבען געטראָגען טעפּלעך מיט האָניג — דאָס הייסט אַז יעדע פריילייןן האָט געטראָגען אַ טעפּעל מיט האָניג, און ווען עס איז פערבייגעגאַנגען אַ יונגערמאַן וואָס איז איהר געפעלען, האָט זי זיך נישט געפּודערט און נישט געמאַכט די ליפּען רויט ווי די היינטיגע מיידלעך, נור האָט איינפאַך גענומען לעקען האָניג — דער יונגערמאַן צוזעהענדיג ווי דאָס מיידעל לעקט אַזוי דעם האָניג, האָט אָנגעהויבען צו שמייכלען — און ווי ווייט איז פון אַ שמייכעל ביז אַ געלעכטער, האָט ער זיך טאַקע צולאַכט אויך — האַ־האַ־האַ־האַ־האַ־האַ — דאָס מיידעל טראָץ דעם וואָס זי איז געווען פערטוהן אין לעקען דעם האָניג, האָט זיך דאָך גענומען אַ ביסעלע צייט און אויך אַרויס מיט אַ געלעכטער — האַ־האַ־האַ־האַ־האַ־האַ — נון, שטעלט זיך פאָר זיי האָבען שוין ביידע געלעקט האָניג... איי האָניג־האָניג — ווי די מענשען פון די אַלטע צייט האָבען דאָס געוואוסט ווי צו שעצען דעם האָניג. ווען די אידען זענען פערבלאָנדזשעט געוואָרען אין די מדבר, האָבען זיי דאָך געהאַט זעהר פיעל צו ליידען — אַ קליינינקייט — מדבר — אָהן בליהונג — אָהן גרינס — אָהן פרוכט — אָהן גאָרטען — אָהן וואַלד — קיין וואַסער — איי־איי — האָבען זיי דאָס געליטען דאַמאָלסט אונזערע אחינו בני ישראל — נו האָבען די אידען געהאַט דאַמאָלסט דעם גרויסען פיהרער און נביא משה, וועלכער האָט געפונען מן, וואָס איז געווען אַזוי זיס ווי האָניג — נון, שטעלט זיך פאָר ווען די אידען האָבען געלעקט האָניג האָבען זיי פערגעסען פון דעם מדבר — אַזוי אַז עס איז שוין אפילו משה רבנו זעלבסט נישט געלונגען זיי אַרויסצופיהרען קיין ארץ ישראל — אין דעם לאַנד פון זבת חלב ודבש.

(אַלע קלאַטשען בראַוואָ מיט בעגייסטערונג)

## גראַף פּאַרדאָן

עס לעבע אונזער פּראָפעסאָר בענעדיקט — הורא־הורא־הורא — ווי־וואַט — וויוואַט — (טרינקט)

## אַלע

הורא — הורא — האָך אונזער פּראָפעסאָר בענעדיקט. —

פּראָפעסאָר בענעדיקט (זיך פערנויגענדיג אייניגע מאָהל)

און יעצט פערעהרטע פריינד! האָב איך די עהרע פאר אייך פאָר־צושטעלען די אַפען פון ווייטען אפריקא — ווענען עס איז מיר געלונגען מיט שווערע מיה און אויפאָפּפערונג צו אימפּאָרטירען פאר אייך — אייך אינגער צו מאַכען (רופט) מוזיק — מוזיק — מוזיק — יוגענד מוזיק —

(די מוזיק פאַנגט אָן צו שפּיעלען און ס'טאַנצט אריין אַ
(גרופּע גרימירט אַלס אַפען, זינגען און טאַנצען.

מיר קומען אזש פון אפריקא,<br>
פון אפריקא צו פאָהרען,<br>
מיר ווילען אייך אינגער מאַכען<br>
נעמען אייך די יאָהרען.

זייט שוין גליקליך ליעבע מענשען —<br>
נעמט אייך צו דעם דריזים,<br>
און גיבט אונז דאָך פּראָספּעריטי —<br>
אָבער נישט קיין קריזים.

(זיי לויפען ארויף אויף דעם בוים און רייסען אָפּ עפּעל און
(טיילען אוים טאַנצענדיג.

נעמט אייך יעדער צו אַן עפּעל —<br>
פון דעם בוים ניער דריזים,<br>
זאָלט איהר מעהר נישט זיין די שקלאַפען<br>
ליידען אַלטקייטס קריזים.

(די ארומיגע לייט פאנגען אָן צו עסען די עפּעל און פיהלען
(זיך גלייך אינגער. דעם מאַגנאַטס ווייב פלאָרענס אייראָנבריק
(פערבינדט די צוויי עקען פון די פראַקען פון בענדזשאַמין
אויגענצאפפעל מיט זשאַן מעקאַרטיס, וועלכע פאַנגען אָן צו

(טאַנצען דעם פלאָר־קלאַפּפּער טאַנץ. — יהודה בײניש זעצט
(זיך אויף הילצערנעם פערד און רײַט. גימפּעל משה זעצט
(זיך אַרײַן אין אַ קלײנעם אָטאָמאָביל און טרומײטערס.
(דוואָשע און ציפּע לאה שפּיעלען זיך װער עס װעט זיך
(שנעלער פּאַטשען אין האַנד. פלאָרענס אײראָנברוק פּודערט
(זיך און װאַרפט בליקען צום גראַף פּאַרדאָן.
(אַנדערע שפּיעלען אַנדערע יונגע קונצען.
(דער פּראָפעסאָר קװעלט און האָט נחת, לויפט אַרום און טאַנצט
(מיט אַלעמען צוזאַמען.

## די אַפּען (טאַנצען)

יוגענד װײסט דאָך נישט פון זאָרגען
נור פון גליק מיט פרײדען.
זאָלט איהר אַלע מענשען װיסען
פון אַ יונג גן עדן...

אַ געװנס איז דאָך דאָס לעבען —
ליעבע אַ בעגליקונג.
ס'איז טאַקע אַ פערגעניגען —
און אויך אַ דערקװיקונג.

(עס קומען אַרײַן צו טאַנצען צװײ פּאָליצײ לײַט מיט די
(צװײ דעטעקטיװס און טאַנצען מאַרשירענדיג צום טאַקט מיט
(די זעלביגע מעלאָדיע און זינגען צו.

## די פּאָליצײ און דעטעקטיװס

קענט איהר זאָגען ליעבע מענשען!
װי ס'איז זילבערפלאַקען?
ער רױבט די בירגער איבעראַל,
און שװינדעלט אונערשראָקען. —

יאָ — מיר זוכען איהם שױן יאָהרען —
דעם בוטלעגער באַנדיט,
ער רופט זיך אויך מיט דעם נאָמען —
פּראָפעסאָר בענעדיקט.
(אַלע בלײבען בערױשט און ערשטױנט)

די דעטעקטיווס (צייגען אויפ׳ן פּראָפעסאָר)
אָט איז דאָך דער זילבערפלאָקען —
דער שווינדלער און באַנדיט,
שליסט איהם גלייך די הענד אין קייטען
מיר מאַכען מיט איהם קווית.
(די פּאָליציי לויפט צו און שליסט איהם די הענד)

פּראָפעסאָר בענעדיקט

אַ געוואַלד — איך בין פערלוירען —
אונגליק איז מיין לעבען,
רחמנות אויף מיינע יאָהרען —
כ׳וועל אייך טויזענד געבען.

די פּאָליציי (שלעפּענדיג איהם)

קום דו גרויסער שווינדלער איינער
מיר וועלען דיר צייגען,
וואָס הייסט צו זיין אַ מיליאָנער —
פרעסען לויטער פייגען.
(אַלע בעוועגען זיך מאַריאָנעטיש צום טאַקט פון די מוזיק
(און געזאַנג.
(די פּאָליציי שלעפּט איהם.

(פ אָ ר ה אַ נ ג פ אַ ל ט)

(פערוואנדלונג — אין געריכט הויז — דער ריכטער זיצט ביי'ם גרינעם
(טיש מיט די דזשורי לייט. — און רעכט און לינקס צו פראָנט זיצען די
(אָנקלעגער, די פּאַציענטען בענדזשאמין אויגענצאַפּפעל, זשאן מעקאַרטי,
(פלאָרענס אייראָנברוק, יהודה בייניש, גימפּעל משה, ציפע לאה, דוואָשע,
(געסט, פּאָליציי, אַמאַליא צויבערגלעקעל אַלס ווייב פון פּראָפעסאָר בענע־
(דיקט. — פּראָפעסאָר בענעדיקט זיצט אין קרימינאַל קליידונג אין אַ גוט
(געזעהענעם פּונקט, אין רעכטס און לינקס פּאָליציי. צום פּראָנט־צו שטעהען
(די צוויי אַדוואָקאַטען : דער אַדוואָקאַט גרייווענפּאָרט (דער גרימירטער
(גראַף פּאַרדאָן) אַלס פערטיידיגער פון פּראָפעסאָר בענעדיקט, דער אַנדערער
(אַוואָקאַט אייזענשטיין פון די אָנקלעגערס זייט.

(פּ אָ ר ה אַ נ ג א ו י ף)

## דער ריכטער (זיך אויפשטעלענדיג)

דער געפאנגענער מיט דעם נאָמען זילבערפלאָקען ווערט בעשולדיגט אין פיעלע זינדיגע טעטיגקייטען געגען שטאַט — רעגירונג און געזעל־שאפטליכע מאָראַל — צום ערשט אַלס בוטלעגער וואָס האָט געהאט אויסגעשפרייט זיינע ווירקונגען איבער אייניגע שטעדט, — אויפ־געהאַלטען אייניגע ברייזלעך, וואו ער האָט פאבריצירט די פערשיע־דענע געטרענקען וועלכע זענען אַ געפאַר פאַר דעם געזונד און וואויל זיין פון מענש און געזעלשאפט און אויך די צוקונפטיגע דורות אין אַלגעמיין —

צווייטענס איז ער געוועזען דער פיהרער פון אַן אינטערנאציאָ־נאַלער שמוגלער באנדע וואָס האָבען אַריבערגעשמוגעלט בריליאַנטען און פיעלע אנדערע אַרטיקלען וואָס זענען נישט ערלויבט.

דריטענס — האָט ער זיך ערקלערט אַלס פּראָפעסאָר בענעדיקט — וועלכער מאַכט פון אַלט יונג, און אויסגענאַרט — און אויסגעשווינ־דעלט שווערע טויזענדער פון די לייכט גלויביגע בירגער, וועלכע זענען צום בעדויערען געוואָרען די אָפּפער פון אַזאַ ראַפינירטען שווינד־לערישען שאַרלאַטאַן — ווען עס איז נאָך שווערע מיה געלונגען צו אַרעסטירען און פּעסט צו האַלטען פאַר דעם דין וחשבון.

אַלזאָ ,וואָס האָט דער פאַרטיידיגער צו זאָגען ?

## אדוואָקאַט גרייוועןפּאָרט

פּערעהרטע ריכטער! און פּערעהרטע געזעלשאַפט! די מדרגה פון די יעצטיגע צייט מאַכט מעגליך אַז געוויסע מענשען זאָלען זיך פּערנעמען אויף קרומע וועגען. — ווען די אומשטענדען וואָלטען געוועזען די אייגענטליכע וואָס זענען גילטיג פאר מענש און געזעלשאַפט — וואָלטען אַזעלכע פאַלען נישט פּאַסירט. — דער אָרימער מענש זילבערפלאָקען איז אַליין אויך פערפיהרט געוואָרען פון אַנדערע — און די אַנדערע וואָס האָבען איהם פערפיהרט — זענען אַליין אויך פערפיהרטע פון אַן אַנדערע באַנדע, אַזוי האָט זיך אנטוויקעלט אַ גאַנצע קייט מיט רעזאָלוציעס — פּאַרדאָן וויל איך זאָגען רעזולטאַטען. — נאָך איינינגע פּסיכישע פאָרשונגען איז מיר געלונגען זיך צו דערוויסען אַז דער אָרימער זילבערפלאָקען איז נישט מעהר ווי אַ מאַניאַק — ער האָט זיך איינגעבילדעט אַז ער וועט פון אַלטע מענשען מאַכען יונגע מענשען — דאָס מיינט אַז מיר האָבען פאַר זיך אַן אַבנאָרמאַלען און קראַנקען פּראָפעסאָר — פּאַרדאָן וויל איך זאָגען פּאַציענט.

## אַדוואָקאַט אייזענשטיין

מיט זיכערע איבערצייגונג איז דער געוויסענלאָזער פּערזאָן זילבערפלאָקען פּאַקטיש אַ געפעהרליכער שווינדלער פון ערשטען גראַד. אויף דעם וועט דער געוויסער טייל פון די בעשווינדעלטע וואָס זענען דאָ פערזאַמעלט פאַר'ן היינטיגען טאָג דעם אמת ארויסברענגען. — מיר מוזען איבערהויפּט זעהן צו רייניגען די וועלט און די געזעלשאַפט פון אַלץ וואָס איז שלעכט און פערדאָרבען. — זאָלען די פערפיהרטע רעדען פאַר זיך זעלבסט, וועלען מיר גלייך האָבען די רעאַלע פאַקטען, און איך נעם מיר דאָס רעכט אויף צו רופען דעם בירגער בענדזשאַמין אוינגעצאַפּעל.

## בענדזשאַמין אוינגעצאַפּעל

איך בין דער פּרעזידענט פון די „סאָסייטי אָף די אָלד גלאָרי", — צוועלף טויזענד מעמבערס — אַלטע לייט דורכאויס. אין אַ שעהנעם העלען טאָג איז צו אונז געקומען אַ געוויסער מאַן מיט'ן נאָמען גראַף פּאַרדאָן — דער אַגענט פון פּראָפעסאָר בענעדיקט, און האָט אונז

בעקאַנט געמאַכט און אויפגעקלערט אַז מיר קענען אַלע ווערען צוריק יונגע מענשען — שטעלט זיך פאָר די פרייד — איך האָב שוין מעהר קיין רוהע נישט געהאַט — צום ערשטען האָבען מיר נאַטירליך בע־דאַרפט שטימען דערפאַר — מיט אַן אויסנאַם פון איניגע לייט האָבען כמעט אַלע געשטימט צו גונסטען די יוגענד. — דאָס הייסט אַז מיר זאָלען צוריק יונג ווערען — דאָ האָב איך מיך גלייך אריינ־געוואָרפען אין אַקטיווע ארבייט. איך האָב, פערשטעהט זיך, גע־מוזט אָנשטעלען אַ הונדערט יונגע לייט און מיידלעך צו ענטפערען די טעלעפאָן קאָלס פון די נייגעריגע מעמבערס, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען כסדר אין איין נאָכפרעגען: וואָס? און ווען? און ווי אַזוי? און אַזוי ווייטער. איך בין געלאָפען יעדען טאָג צום פראָ־פעסאָר — און שלינגען געלט, שלינגט ער ווי אַ פערצייטיגער ריצאַ־נאָרוס — פופציג טויזענד — פינף און זיבעציג טויזענד — הונדערט טויזענד — מאָרגען דאַרף ער אַוועקשיקען אַן עקספעדיציע מיט אַן עקסטרא שיף אויף כאַפען בעדריזעלטע — דאָס הייסט די אַפען. מיט אַ וואָך שפעטער מוז ער אַוועקשיקען זיבען עראָפּלאַנען אַזש אין ווייטען אַפריקאַ, פון דאָרטען וועט ער אַלזאָ קענען בעקומען די בעסטע דריזען — דריזען — יעדער דריז אַ בריליאַנט — קיין אימיטאַציאָן — עכטער אָריגינאַל. נו, וואָס האָב איך נאָך ווייטער צו רעדען, פער־עהרטער ריכטער! ער האָט מיר אויסגעליידיגט די גאַנצע קאַסע פון פעראיין — און געמאַכט פיעלע מעמבערס פאַר אָרימע לייט.

ריכטער

האָט ער עטוואָס געטוהן ביי מאַנכע פון אייער פעראיין זיי אינגער צו מאַכען?

בענדזשאַמין אויגענצאַפּעל

גאָר נישט — די מעמבערס זענען פאַר געוויסענביסע דאָפּעלט עלטער געוואָרען. זיי פיהלען זיך יעצט ווי פערוואונדעטע מלחמה וועטע־ראַנען: איז איינער עטוואָס נאָך געגאַנגען — געהט ער שוין יעצט אויף קוליעס. איז איינער געגאַנגען אויף קוליעס — מוז ער שוין יעצט פאָהרען אין אַ וועגעלע. איז איינער געווען אַ ביסעל גרוי — איז ער יעצט דריי מאָהל דאָפּעלט גרוי געוואָרען.

ריכטער (רופט)

די בירגערין פלאָרענס אייראָנברוק.

פלאָרענס אייראָנברוק

פערעהרטער ריכטער! וואָס איך וואָלט אייך געהאַט צו ערצעהלען וואָלט דויערען פיעלע שטונדען. איך וועל מיך דארום האַלטען קורץ ווי מעגליך — לעזענדיג די צייטונג „דער לויפענדער זיג זאַג", האָב איך באמערקט אַן אַנאָנס: אַלטע מענשען ווערען יונג, — פּראָפעסאָר בענעדיקט.

און יונג ווערען האָט זיך מיר זעהר געוואָלט. ווען איך דערמאָן מיך אין מיינע יוגענד יאָהרען, שיינט מיר אַז איך בין אין אַ גן עדן. און אַלט זיין איז איבערהויפּט נישט אַזוי גוט. נו, בין איך באַלד צום מאָרגענס געלאָפען צו אָט אָ דעם, און האָב איהם באַלד געגעבען אַ טשעק אויף הונדערט טויזענד דאָלאַר האנד געלט. — נו, פון דאַמאָלסט אָן האָט זיך גלייך אָנגעפאַנגען דער מורא׳דיגער אַפּעטיט צו שטארקען אָט ביי דעם פּראָפעסאָר. אַ הונדערט טויזענד איז ביי אים געווען אַ ברעקפעסט — אַ דריי הונדערט טויזענד אַ מיטאָג מאָהלצייט, און אַ סאַפּער איז ביי איהם געווען אַ האַלבער מיליאָן. — עס וועט אַלעס ווערט זיין, האָט ער מיר פערזיכערט. עס איז איהם נאָך שווערע מיה געלונגען צו בעקומען אַ מין דריז „פּערפעקט ראַדיאָליט ד׳עקס רעי", וואָס ווען ער וועט מיר דאָס פערפּלאַנצען ווער איך מאָמענטאַל יונג — און מיין ליעבע וועט דאַמאָלסט זיין הונדערט קאַראַט סאַלאַד — און ווען איך וועל געליעבט ווערען וועט עס דאַדורך מוזען זיין מיט צוויי הונדערט און זעכצען קאַראַט סאַלאַד. און אויך וועט אויף מיין געזיכט אימער אַרויסשיינען אַ געוויסער שטראַהל — נו־נו — ער האָט פון מיר אויסגענאַרט אַ מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזענד.

פּראָפעסאָר בענעדיקט

זיי ווילען מיך אונגליקליך מאַכען — אונגליקליך מאַכען — אָ גאָט!

אַמאַליא צויבערגלעקעל

געוואַלד — ראַטעוועט מיר מיין מאַן.

ריכטער

שטיל זאָל זיין. — איך וויל אייך נאָך פרעגען, פרוי אייראָנברוק! האָט ער עטוואָס געטוהן אייך אינגער צו מאכען?

פלאָרענס אייראָנברוק

גאָר נישט. — ער האָט מיר נור אמאָהל געוואָלט איינגעבען שלאָף געטראַנק — אָבער נישט ביי'ם לעבען וועט מיר אַ מאַן קענען געבען שלאָף געטראנק.

אַדוואָקאַט גרייוועןנפאָרט

אַט האָט דער ריכטער זעלבסט געהערט אַז פרוי אייראָנברוק האָט זיך נישט געלאָזט איינגעבען קיין שלאָף געטראנק — און זיכער האָט שוין פּראָפעסאָר בענעדיקט שוין גאָר נישט געקענט טוהן דאמאָלסט.

אַדוואָקאַט אייזענשטיין (שטרענג)

האַלט זיך ביי'ם פּונקט — יעצט רעדען די אָנקלעגער זעלבסט און איך נעם מיר דאָס רעכט אויף צו רופען דעם בירגער זשאַן מעקאַרטי.

זשאַן מעקאַרטי

פערעהרטער ריכטער! אזוי ווי איהר קענט מיך און ווייסט אַז איך בין דער פּרעזידענט אָף טהי היי ווינדאָס בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן אָף טהי ביג מיליאָנערס — פערשטעהט זיך — זעהר אַ פּאַראַנט־וואָרטליכער אמט — און דאָ זעה איך אַז איך ווער עלטער פון טאָג צו טאָג, און דער טעמפּעראמענט ענדערט זיך, און דאָס טויג נישט פאַר אַ פּרעזידענט וועלכער דאַרף געווים האָבען אויך יוגענדליכקעט אין זיך, איז קיין וואונדער וואָרום איך בין באַלד געלאָפען צו אַט אַ דעם פּראָפעסאָר אזוי ווי מיינער אַן אַלטער פריינד האָט מיר ער־צעהלט וועגען אַט די נייע ערפינדונג פון אַלט צו מאַכען יונג — נו בין איך אָבער אריין געפאַלען צו איינעם פון די גרעסטע ספּעציא־ליסטען שווינדלער — האָט ער אָנגעהויבען נעמען די טויזענדער ביי מיר און מיר ערצעהלט אַז ער האָט ארויסגעשיקט אַן עקספּעדיציע נאָך אריסטאָקראַטישע דריזען עי — וואָן, דאָס מיינט דריזען ערשטען גראַד קוואַליטעט. — נו, פריינד ריכטער! אזוי ווי איהר האָט נישט

געזעהן די דריזען, אזוי האָב איך זיי אויך נישט געזעהן מיט איבער א מיליאָן דאָלאר צוזאמען.

אַדוואָקאַט גרייווענפּאָרט

מיט די עקספּעדיציע האָט ליידער פּאַסירט אַן אונגליק — זי האָט זיך פערבלאָנדזשעט צו די ווייטע אייז רעגיאָנען פון נאָרד פּאָל און געוואָרען אַן אָפּפער פון א קאטאסטראָפאלע טראגעדיע.

אַדוואָקאַט אייזענשטיין

פריינד ריכטער! דער אַדוואָקאַט גרייווענפּאָרט שיינט מיר פערדעכ־טיגט — און איך מאַך א פּאָרשלאַג אז ער זאָל צייגען זיינע אטעכ־טאטען צו קענען פּראקטיצירען אדוואָקאטור.

ריכטער

צו דעם געדאַנק בין איך אויך געקומען.

אַדוואָקאַט גרייווענפּאָרט (נעמט ארויס א פּאַפּיר פון טאַש)

אָט האָב איך מיין אטעסטאַט מיט זיך.

(האַלט עס אין האַנד צייגענדיג. — א פּאָליציי מאַן נעמט עס (ארויס פון זיין האַנד און גיבט עס איבער צום ריכטער.

ריכטער (ארייננבליקענדיג)

דאָס איז דאָך גאָר שאָפּער לייסענס.

גרייווענפּאָרט (זוכענדיג אין זיינע טאַשען)

פּאַרדאָן — פערעהרטער ריכטער! איך האָב געמאכט אַן איר־טהום — אָנשטאָט מיט צו נעמען מיין אטעסטאַט, האָב איך גאָר מיט גענומען די מערידזש לייסענס — פּאַרדאָן וויל איך זאָגען די שאָפּער לייסענס.

ריכטער (שטרענג)

וואו האָט איהר שטודירט?

גרייווענפּאָרט

אין דזשאמייקא בעי — פּאַרדאָן וויל איך זאָגען — אז איך וואוין דאָרט, אָבער שטודירט האָב איך אין קאַלקוטא — (אינדיען) — און אויך אין נאָרוועגיען.

ריכטער (שטרענג)

אין קאַלקוטאַ האָט איהר שטודירט ווי אַזוי צו ווערען אַ פּייקער, אין נאַרוועגיען האָט איהר שטודירט די וועגען ווי אַזוי צו נאַרען.

(בענדזשאַמין אויגענצאַפּעל לויפט צו צו גרייוועגפּאָרט און רייסט איהם ארונטער זיין צוגעקלעפּט בערדעל.)

בענדזשאַמין אויגענצאַפּעל (אויפגערעגט)

ער איז אַ שווינדלער — אַ באַנדיט, וועלכער רופט זיך גראַף פּאַר־דאָן — ער איז פון די זעלבע קאָמפּאַניע.

ריכטער

נעמט איהם פעסט.

(אַלע ווערען ערשטוינט און בערווישט. צוויי פּאָליציאַנטען נעמען איהם פעסט און פיהרען אים ארויס.)

אַדוואָקאַט אייזענשטיין

אַ ווירקליכער פאקט — וואָס מאַכט זיכער זיינע בעהויפּטונגען.

ריכטער

יעצט קענען מיר שנעלער געהן מיט די ווייטערדיגע ארבייט, און איך רוף אויף בירגער גימפּעל משה.

גימפּעל משה

ריכטער לעב! איך האָב קיין סך נישט צו רעדען — מ'האָט מיך בעשווינדעלט — מיר אויסגענאַרט מיין פערמעגען, די גאַנצע פינף טויזענד דאָלאַר וואָס איך האָב אָן געשפּאָרט אין פיעלע יאָהרען — אוי ווי איז מיר. ער האָט מיר איינגעגעבען שלאָף געטראַנק, און אָפּראַזירט מיין באָרד, און אָפּפּודרירט ווי איך וואָלט געווען אַ יונגער שנעק — דאָ האָב איך שוין גלייך געזעהן אַז די קלאָג איז פאַרטיג — אוי ווי איז מיר — איך וועל מיר אַ מעשה אָפּטוהן.

ריכטער

די בירגערין ציפּע לאה.

ציפּע לאה

ריכטער לעב! מ'האָט מיך אונגליקליך געמאַכט. מ'האָט ביי מיר אויסגעשווינדעלט די גאַנצע זיבען טויזענד דאָלאר וואָס איך האָב פערמאָגט — און טאַקע אָט דער שווינדלער, דער גנב, און מיט וואָס פאַר אַ טריק? צוברעכען זאָל ער ס'געניק — רבונו של עולם. — ער האָט מיר געגעבען אַ טעפּעל מיט ערד אַלס סגולה אויף די ערשטע דריי חדשים זאָל איך יעדען אויף דער נאַכט בעפאָר דעם שלאָפען געהן אַראָפּ וואַרפען אַ ביסעלע ערד און זאָגען דריי מאָהל: כ'האָב דיך אין דר'ערד, כ'האָב דיך אין דר'ערד, כ'האָב דיך אין דר'ערד, און נאָך דעם וועט ער מיר איינפלאַנצען עטוואָס — כ'האָב שוין פערגעסען ווי ס'הייסט — פון וואָס איך וועל אינגער ווערען.

אַמאַליאַ צויבערגלעקל (מיט אַ געשריי)

געוואַלד — ס'איז מיר נישט גוט. (חלש'ט)

בענדזשאַמין אויגענצאַפּעל

וואַסער — וואַסער — וואַסער. (כאַפּט אַ גלאָז וואַסער און מונ־טערט זי אויף)

פּראָפעסאָר בענעדיקט

האָב איך מיך בעדאַרפען אָפּפערען צוליעב די וויסענשאַפט — און יעצט מאַכט מען מיך אונגליקליך דערפאַר — שלעכטע וועלט.

אַדוואָקאַט אייזענשטיין

גלויב מיר, דו באַנדיט איינער, האָסט דיך שוין בעסער בעדאַרפט אָפּפערען פאַר די וויסענשאַפט אין די אַנדערע וועלט.

ריכטער

רוהיג — מיר מוזען קומען צו אַ רעזולטאַט, און איך וועל אַלזאָ אויפרופען יעצט דעם בירגער יהודה ביינישׁ.

יהודה ביינישׁ

ריכטער לעב! ס'איז מיר שווער צו רעדען — ס'דריקט מיך ביי'ם הארץ פאַר עגמת נפש — מיר האַלטען זיך פאַר גאַנצע חכמים — און וואָס פאַר אַ פּנים? אַז מיר זיינען געוואָרען ביי שווינדלער

די נאַראָנים — ער האָט ביי מיר אויסגענאַרט פינף טויזענט מיט צוויי הונדערט און זעקס און דרייסיג דאָלאַר און ער האָט מיר דער־פאַר איינגעגעבן שלאָף געטראַנק און אָפּראַזירט די באָרד.

ריכטער

אונגליקליכע מענשען — כ׳האָב מיטלייד מיט אייך — יאָ, מיר מוזען זיך אַ ביסעל צו איילען — און איך רוף יעצט אויף דעם לעצטען פּערזאָן מיט וועמען איך וועל שליסען די אויספאָרשונגען וועלכע געהען שוין אָן דריי וואָכען צייט — פאָלגליך די בירגערין דוואָשע.

דוואָשע

זאָל ער מיר צוריק געבען דאָס געלד — דער באַנדיט, דער שווינד־לער. ער האָט מיר אָנגעקלעפּט אַ פּאַרוק אויפ׳ן קאָפּ מיט קאָנקריט און צעמענט אַז איך קען גאָר נישט פּטור ווערען דערפון.

ריכטער

דזשורי לייט — בעראַטונג.

(דער ריכטער מיט די דזשורי לייט געהען אריין אין
(אַ זייטיגען צימער זיך דורך צו רעדען.

אַמאַליא צויבערגלעקל

מענשען וואָס איהר זייט — פאַר וואָס זאָלט איהר נישט בעפרייען מיין מאַן? פאַר וואָס זאָלט איהר מיך אונגליקליך מאַכען?

פלאָרענס אייראָנברוק

מיר האָבען צו אייך גאָר נישט — אָבער אייער מאַן מוז באַשטראָפט ווערען, ווייל ער האָט אונז אַלעמען אונגליקליך געמאַכט.

פּראָפעסאָר בענעדיקט

איך האָב אייך אונגליקליך געמאַכט? — ווייל עס האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן אייך אַזוי שנעל יונג צו מאַכען?

בענדזשאַמין אויגענצאַפּעל (סאַרקאַסטיש)

ער וואָלט נאָך אייך געקענט יונג מאַכען — פרוי אייראָנברוק! אָבער זעהט איהר אַמאָל געהט עס ניט אַזוי שנעל, — ווען ער וואָלט

נישט אָרעסטירט געוואָרען, וואָלטען מיר פילייכט שוין אַלע געווען יונגע מענשען — (אויפגערעגט). שווינדלער — באַנדיט איינער — ביזט דאָך שוין געווען גרייט מיט דיין ווייב צו אַנטלויפען קיין שאַנכאַי, אונטער אַן אַנדערן נאָמען מיט די אויסגעשווינדעלטע מי־ליאָנען — און דאָרטען האָסט דו דיך געוואָלט לאָזען וואויל געהן, הוליען אַ גוטען טאָג, קויפען אַן אייגענעם פּאַלאַץ און שפּיעלען די ראָלע פון אַ פּאַרצייטיגען גראַף.

זשאַן מעקאַרטי

יעצט וועט ער שוין קענען פאָהרען נאָך שאַנכאַי — אויף אונזער רעכענונג — מיר וועלען איהם שיקען, האַ־האַ־האַ־האַ — (לאַכט ביטער)

(ריכטער און דזשורי לייט קומען צוריק אריין און נעמען
(צוריק פּלאַץ. אַלע בלייבען שטיל מיט ערוואַרטונג.

ריכטער

בעפאָר איך וועל ארויסגעבען מיין אורטייל — רוף איך דיך בענע־דיקט — אָדער ווי דו הייסט זילבערפלאָקען — פאַר דיין לעצטע זעלבסט פערטיידיגונג.

פּראָפעסאָר בענעדיקט

פערעהרטער ריכטער! און פערעהרטע געזעלשאַפט! עס איז קיין צווייפעל אַז עס מיר די לעצטע צייט געגאַנגען זעהר שלעכט אין מיינע וויסענשאַפטליכע אויפטואונגען, — איין טראַגעדיע נאָך די צווייטע — האָב איך ארויסגעשיקט אַן עקספּעדיציע וואָס האָט מיך אָפּגעקאָסט שווערע טויזענדער, האָט ליידער פּאַסירט אַ מורא׳דיגע קאַטאַסטראָפע — ווען נישט דער טראַגישער צופאַל, וואָלט איך ערהאַלטען דעם טראַנספּאָרט דריזען — און אָט די אַלע אַלטע מענ־שען וועמען איהר זעהט דאָ, וואָלטען שוין געווען צוריק יונגע מענ־שען — מיט נייע ליעבע — נייעם גלויבען, נייע האָפנונגען, און אַזוי ווייטער. — די צווייטע עקספּעדיציע וואָס איך האָב ארויסגע־שיקט — די פיר און צוואַנציג עראָפּלאַנען — האָבען אויך כמעט אַלע טראַגיש געענדיגט, מיט די אויסנאַמע פון איינינגע וועלכע זענען פערשוואונדען מיט דעם געלד וואָס איך האָב זיי מיט געגעבען.

אין מאנכע פאלען האָב איך שוין זאָגאר גרויסע ערפאָלגען געהאט אויף דעם געביעט פון וויסענשאפט — ערפינדונגען און סאָציאַלע דערגרייכונגען, ווי צום ביישפיעל אין יאָהר ניינצען צוועלף האָב איך ענטדעקט מיקראָבען אין האָדסאָן ריווער — אין יאָהר ניינצען און דריי בין איך געלאָפען פאר סענאטאָר אויפ׳ן רעפובליקאנישען טיקעט. —

אַדוואָקאַט אייזענשטיין

מען האָט דיך ווארשיינליך געיאָגט נאָך א רויבעריי. —

פּראָפעסאָר בענעדיקט (ווי פון שלאָף)

מען האָט קיינעם נישט געכאפּט — אָ, איך מיין — איך וויל זאָגען אז איך בין צופעליג נישט עלעקטעד געוואָרען.

ריכטער

(גיט אַ צייכען מיט׳ן האַנד. אַלע שטעלען זיך אויף.

נענוג. — אין נאָמען פון גערעכטיגקייט און שטאַטליכע אָרגאַניזאַ־ציאָן ווערסט דו זילבערפלאָקען פעראורטיילט צו צוועלף יאָהר מיט אכט חדשים סינג סינג.

אַמאַליאַ צוויבערגלעקעל (מיט געשריי)

געוואלד — ס׳איז מיר נישט גוט.

(צוויי פּאָליציי לייט נעמען איהם פעסט און שלעפּען איהם.

(רויש און געטומעל.

(פ א ר ה א נ ג)

(פערביי דעם פאָרהאנג ווערט דער אַרעסטאַנט זילבערפלאַקען געשלעפּט
(וועלכער האַלט זיך צוריק און געהט נישט גערן.

זילבערפלאַקען

לאָזט מיך פריי. — איך וועל אייך צעהן טויזענד געבען, האָט רחמנות — לאָזט מיך פריי — לאָזט מיך פריי — האָט רחמנות. —
(שנעלע פערוואנדלונג. צוריק אין קאַבאַרעט. די שטודענטען און די גאנצע
(געזעלשאַפט פיהלען זיך שוין גוט בעטרונקען און פריילעך — לעבעדיגער
(געשטימט. טראָגען אַלע קאָלירטע פּאַפּירענע מיצען, און וואַרפען זיך ארום
(מיט פּאַפּירענע סטענגעס און קאָנפעטי. — דער גראף פארדאַן מיט אַמאַליא
(צוויבערגלעקל שטעהען ביי זילבערפלאַקען, און וועקען איהם.

(פ אָ ר ה א נ ג  א ו י ף)

גראף פארדאַן (וועקענדיג איהם)

לאַקשענדיגער פלאַקען, פלאַקענדיגער לאַקש — שטעה אויף — ביזט גענוג געשלאָפען.

אַמאַליאַ צויבערגלעקל (וועקענדיג איהם שיכור'ליך)

בערען טרייבער — האָניג פלאסטער — מען בעפאלט דיין ברייזעל דומקאָפּף פון אייזעל.

זילבערפלאַקען (אין שלאָף)

לאָזט מיך פריי, האָט רחמנות — איך וועל אייך צעהן טויזענד געבען.
(ער ערוואכט) געוואלד, ס'איז מיר נישט גוט.

אַמאַליאַ צויבערגלעקל

(כאַפּט אַ גלאָז שאַמפּאַניער, און מונטערט איהם אויף.
טרינקט — טרינקט —

זילבערפלאַקען (טרינקענדיג)

א — א — געהאט א שרעקליכען חלום — געהאט א שרעקליכען חלום —

## אַמאַליאַ צויבערגלעקל (מיט די גאנצע קאָמפּאַניע)

לוסטיגקייט און פרייליכקייט
ליעבע גוטע פריינד,
אוועק איז שוין דער נעכטען
ס'פאנגט זיך אָן דער היינט.

מיט לויטערע געדאנקען
לעבעדיגען בליק
זאָלט איהר זיך דערנעהנטערען
צו דערגרייכטען גליק.

(טאַנצען)

איך וויל — איך וויל — כ'וויל זיכער
יאָ — יאָ — יאָ — יאָ — יאָ —
געניסען — געניסען — געניסען —
אָ — אָ — אָ — אָ — אָ —

און טאקע — טאקע — טאקע —
באלד — באלד — באלד — באלד — באלד —
יאָ לויפען — דאָרטען — דאָרטען —
צום וואלד — וואלד — וואלד — וואלד —

(ס'קומען אריין די טענצער אין באקכוס קאָסטיומען און
(טאַנצען מיט דעם געזאַנג פון גליק און זאָרגלאָזע פרייד.

נאַטורס פריידען מוטערליך
צערטעלט אזוי צארט,
די וועלט די לעבעדיגע
פערגעניגען גארט.

זאָלט איהר נישט פערהונגערען
לעבענס — לעבענס צייט,
פאר ליעבע גליק און שעהנקייט
פון נאָהנט און פון ווייט...

(אַלגעמיינער טאַנץ)

איך וויל — איך וויל — כ'וויל זיכער —
יאָ — יאָ — יאָ — יאָ — יאָ —
גענום — גענום — געניסען —
אָ — אָ — אָ — אָ — אָ —

און טאַקע — טאַקע — טאַקע —
באַלד — באַלד — באַלד — באַלד — באַלד —
יאָ לויפען — דאָרטען — דאָרטען —
צום וואַלד — וואַלד — וואַלד — וואַלד —

(אַלגעמיינער טאַנץ.
(טענצערינען טאַנץ.

(פ אָ ר ה א נ ג)

(ענדע)

## פון זעלבען אויטאָר איז ביז יעצט ערשינען:

1. אין גאָרטען פון טרוים.
2. פעלזען־קלאַנגען.
3. דער טהורם פון בלויע בענקשאַפט.
4. דער ספעקטאַקעל פון די פיראמידען.
5. אַלטע מענשען ווערען יונג.